שער־בלאַט : משה קיש
ליד־ווידמונג : קלמן פרידמאַן
פאָרוואָרט : בער גרין
נאָטן : וולאַדימיר חפץ
מרדכי ירדני
יוסף שראַגין

אילוסטראַציעס
און אָרנאַמענטן
פון פאַרשיידענע
קינסטלער

אדעלע פרידמאן

# אין באוואונדער

## לידער

איקוף  פאַרלאַג

# פאָרוואָרט

## (אַ ליכטל צום 4טן יאָרצייט פון אַ צאַרטער דיכטערין)

מיטן ארויסגעבן דעם בוך ליר־דער פון דער טאַלאַנטפולער דיכטערין **אַדעלע פרידמאַן**, פאַראייביקן מיר אין אונדזער זכרון די געשטאַלט פון אַט־דער צאַרטער, פּראָגרעסיווער יידישער **דיכטערין**, וועמענס ליד עס איז געווען וואַרעם, פאָלקסטימלעך און אויפריכטיק, שיין און אמתדיק.

מיר ווילן אין אונדזערע הערצער האַלטן טייער די געשטאַלט פון אַט־דער ליבער, ליכטיקער און ערלעכער פּערזענלעכקייט, וועלכע איז אונדז אַלעמען געווען נאָענט מיט איר מענטשלעכקייט און האַרציקייט, מיט איר עכטן, שטראַלנדיקן ליד.

מיר געדענקען איר וואַרעמע, פריינטלעכע באַציאונג צו מענטשן, און מיר האַלטן אין זכרון, ווי דרך־ארצדיק זי האָט זיך באַצויגן צום פאָלק און צו יידיש לשון, ווי זי פלעגט ציטערן איבער יעדער שורה, איבער יעדן וואָרט פון איר ליד.

אַדעלע פרידמאַן איז ווי אַ דיכטערין געוואַקסן און געשטיגן פאַר אונדזערע אויגן. איר פּאַטעטישער טאַלאַנט האָט געהאַלטן אין סאַמע פאַנאַנדערבלי. איר ערלעכער ניגון איז געבליבן ניט־פאַרענדיקט.

אַ שטילע און באַשיידענע, מיט אַ וואַרעם און ליבנדיק האַרץ, וואָס האָט געוויטיקט אויף יעדן סאָציאַלן אומרעכט, האָט אַדעלע פרידמאַן געזען אין איר טרוים, אין איר וויזיע אַ נייע, אויפגייענדיקע וועלט פון מאָרגן — אַ וועלט פון סאָציאַלן יושר, אַ וועלט פון שלום און פריינטשאַפט צווישן פעלקער, אַ וועלט אָן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם, אַ וועלט פון

„והיה באחרית הימים". איר ליד האָט זיך געוואָרצלט אין היינט און האָט זיך, ווי אַ בלום צו דער זון, געצויגן מיט דורשט און באַגער צום ליכטיקן מאָרגן.

מיר האָבן זי ליב געהאַט, און ליב געהאַט איר ליד. און עס האָט אונדז געפרייט צו זען, ווי זי באַהעפט זיך אַלץ נענטער מיטן היינט, מיטן פאָלק. אין איר ליד אין אַ נומער „זאַמלונגען" האָט זי באַזונגען די פיל־מיליאָניקע שטאָט ניו־יאָרק, און געזונגען „אַ הימן צו פרילינג אויף די גאַסן פון דער שטאָט".

זי האָט עמאָציאָנעל מיטגעלעבט מיטן גרויסן היסטאָרישן אויפברויז פונעם נעגער־פאָלק, און אין איר קרעפטיק ליד אין דעם ראש־השנה נומער פון דער „מאָרגן־פרייהייט" האָט זי דיכטעריש גערופן:

„און ווער ס'האָט געוויסן<br>
און יושר אין האַרצן,<br>
זאָל שפּאַנען אין ריי<br>
מיטן ברודער דעם שוואַרצן!"

מיט האַרץ און נשמה האָט זי באַזונגען די „דריטע אַמעריקאַנער רעוואָלוציע", דעם גרויסן פאַרברידערטן פאַרויסמאַרש פון נעגערס און ווייסע:

„ציען זיך, ציען זיך די רייען<br>
געדיכטע,<br>
אַ חוב פון יאָרהונדערט<br>
צאַינד אויפצומאָנען".

אַדעלע פרידמאַן האָט אָנגעהויבן איר דיכטערישן וועג מיט לידער פאַר

קינדער. אַט־די לידער שטעלן־צוזאַמען די צווייטע אַפּטיילונג אין דעם בוך. דורך אירע קינדער־לידער האָט זי צאַרט און איידל, מיט שעפערישער פאַנטאַזיע, אַריינגעבראַכט די וועלט פון נאַטור אין דער וועלט פון די קינדער־לייענער.

אויף אַן אינטימען אופן האָט זי געבראַכט צו דער נשמה פון די קינדער די וועלט פון ביימער און בלומען, וואָלקנס, וואַסערן און וועלדער, בעלי־חיים און דומכים. העזעלעך, פייגעלעך, טייכעלעך, שנייעלעך, פּרעסטעלעך, ביכעלעך און שפּילכעלעך ריידן ביי איר מיטן לשון פון קינדער, אָפּט קומען זיי מיט אַ מוסר־השכל, פאָדערן זיי יושר אויף דער וועלט. אירע קינדער־לידער זיינען אַ באַזונדערס־פיינער בייטראָג צו אונדזער יידישער קינדער־ליטעראַטור.

אַדעלעס לעבן איז געווען ניצלעך, פּרוכטבאַר און שעפעריש; מיט איר וואָרט האָט זי ווירדיק געדינט דעם פאָלק; די ברייטע לייענער קרייזן האָבן זי ליב געהאַט.

— בער גרין

# אַ שניט אין האַרץ, אַ שניט אין האַרץ

אַ שניט אין האַרץ, אַ שניט אין האַרץ.
וויפל שניטן קאָן אַ מענטש פאַרטראָגן ?
וויפל ליכטיקע זכרונות, שטילע פרייד און טיפן טרויער
קאָן אַ מענטשלעך האַרץ פאַרמאָגן ?

וויפל ליבע, וויפל פרייד קאָן אַ לויטער האַרץ פאַרמאָגן,
אויסגעבענקטע שעה'ן, ציטערדיק פאַרטראַכט,
אויף געפלאַצטע סטרונעס קלינגט דאָס לעצטע ליד,
ווי ס'וואָלט דער קוואַל פון לעבן זיך פאַרמאַכט.

אין דער שטילקייט אויסגעלעבט אַ ליכטיק לעבן,
יעדן ווייטיק פאַר דער וועלט פאַרבאָרגן,
ווי אַ חלום, ווי אַ טרוים, אין די ליכטיקסטע קאָלירן
אויסגעצערטלט פאַר אַ מענטשלעך־פרייען מאָרגן.

דאָס וואָרט פאַרשטומט, און טויט דאָס האַרץ,
בלויז דאָס ליד דאָס פאַראייביקטע איז דאָ,
זאָל דער אָנדענק פון אַ ליכטיקער נשמה
זיין פאַרוועבט אין דער אייביק־שטילער רו !

— קלמן פרידמאַן

ביאָגראַפישע שטריכן

**אַדעלע פרידמאַן**, געבוירן אין לאָדזש, פּוילן, אין 1898 ביי מיטלשטאַנד עלטערן, יידל און בלומע, די יינגסטע פון פינף שוועסטער און פיר ברידער. דערצויגן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע, וואָס אין יענער צייט האָט די פּאָליטישע לאַגע אין פּוילן געהויכט מיט פרייער דערוואַרטעניש.

צו זיבן יאָר איז אַדעלע אריין אין אַ שטאַטישער פּוילישער קינדערשול און נאָכדעם געענדיקט די מיטלשול צו דרייצן יאָר.

אין נייצן הונדערט און זיבעצן, ווען די דייטשן זיינען געווען אין אָקופּירטן פּוילן און דאָרט געדריקט און געשטיקט די באַפעלקערונג, איז אַדעלען געלונגען צו פאַרלאָזן פּוילן. זי איז געקומען קיין אַמעריקע צו אירע ברידער און שוועסטער.

אין ניינצן הונדערט און אַכצן פאַרבינדט זי זיך מיט איר מאַן, דעם דיכטער קלמן פרידמאַן.

אין ניינצן הונדערט פינף און פופציק האָט אַדעלע פרידמאַן דעבוטירט אין דער "מאָרגן־פרייהייט" מיט איר ערשט ליד "די קאַרוזעל", און פון דאַן אַן זיך געדרוקט אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן, ווי "מאָרגן־פרייהייט", "יידישע קולטור", "זאַמלונגען", און געוואָרן איבערגעדרוקט אין פראַנקרייך, פּוילן, אַרגענטינע.

זי איז פּלוצלינג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע דעם פיר־און־צוואַנציקסטן סעפּטעמבער, ניינצן הונדערט דריי און צעכציק.

## די גאַס וואו איך וואוין

די גאַס וואו איך וואוין מען רופט זי בראַדוועי,
מיט ריזיקע מויערן, אַ ריי נאָך אַ ריי,
און דאָרטן ניט ווייט, ניט מער ווי אַ שפּאַן,
דער גרינד־בלויער האָדסאָן, דער טייך איז פאַראַן.

עס פליסט דאָרט דער האָדסאָן מיט גרין, און מיט בלוי,
פאַר דורות און דורות שוין שטראָמט ער אַזוי,
ער ציילט ניט די שעה'ן, און ציילט ניט די טעג,
מיט וואונדער באַטראַכט ער דעם גרינינקן ברעג.

ביים ברעג דאָרט דעם גרינעם, אין די גאַסן אַרום,
אין אַלטינקע הייזער, פאַרלאַטעט, און קרום,
אַ שכן אַ נייער וואוינט דאָרטן אַצינד,
ביים האָדסאָן באַזעצט זיך, מיט ווייב און מיט קינד.

די קינדער ווי בלומען, ווי בלומען די נעמען,
דער גאָרטן דער שענסטער וועט מיט זיי זיך ניט שעמען!
ראָזאַליטאַ, קאַמיליאַ, אַנדזשעלינאַ, ענריקאָ,
פון די זוניקע פעלדער, פונעם לאַנד פּאָרטאָ־ריקאָ.

ווי קאָן זיך צעבליען אַ פרישינקע בלום
אין אַלטינקע הייזער, פאַרלאַטעט, און קרום?
די גאָלדענע זון האָט די מויער פאַרשטעלט!
וואַקסן די בלומען דאָ, ווילדע אין פעלד.

ענריקאָ, ענריקאָ, וואָס ביזסטו פאַרטרויערט?
ס'פאַרשטעלט דיר די זון דאָ די ריזיקע מויער?
די שטראַלן פון זון האָט די מויער פאַרשטעלט,
צי בענקסטו נאָך ציגעלעך ווייסע אין פעלד?

היט זיך, ענריקאָ, דאָ לויפן מאַשינען!
ווער האָט עס דאָ קליינינקע קינדער אין זינען?
עס וועט דיר דיין מאַמע דערציילן אַ מעשה
פון זוניקע פעלדער, און ציגעלעך ווייסע.

עס שטראָמט דאָ דער האָדסאָן מיט בלוי, און מיט גרין,
צום אָפּענעם ים דאָרט ער יאָגט זיך אַהין,
עס קומען די שכנים צום טייך דאָ אַהער,
ווער מיט אַ ליד, און ווער מיט אַ טרער.

הייסינקע טרערן זיך מישן מיט בלוי,
פאַר דורות און דורות שוין שטראָמט ער אַזוי,
פליסט איבער באַרג, איבער פעלדזיקן שטיין,
אין ים אינעם וויטן דאָרט פאַלט ער אַריין.

1958

# דער אַלטינקער בוים

ווער קאָן אים ניט, דעם אַלטינקן,
דעם שיינעם בוים דעם גרויען,
וואָס שטייט שוין דאָרט יאָרהונדערטער
ביים האָדסאָן־טייך דעם בלויען?
און מעשהלעך, גאָר וואונדערלעכע,
האָט ער צו דערציילן!
ווי עס איז געווען אַמאָל
אַרום, פאַר מייל און מיילן.

זיצן קינדער שטילינקע
און הערן אים, און הערן,
און די וואונדערלעכע מעשהלעך
דערציילט ער פאַר זיי גערן,
ווי אַזוי געבויט האָט זיך
די שטאָט פון רעש און טומל,
די מויערן וואָס שניידן זיך
אַריין אין בלויען הימל.

אויף אָרט וואו ס׳שטייט די שטאָט אַצינד,
די ריזן־שטאָט פון שטאָל,
געיאָמערט האָט דער בייזער ווינט
געווען נאָר באַרג און טאָל,
און קינדערלעך ברויך־הויטיקע
געשפּילט זיך ביי די ברעגן,
ביז געקומען איז די זעגל־שיף
דאָ אַהער פון ווייטע וועגן.

און קוים עס האָט געאַנקערט דאָ
פון ווייט די זעגל־שיף,
צעקלונגען האָט, צעזונגען זיך,
די האַק אין וועלדער טיף,
צעקלונגען האָט דער האַמער זיך
דאָ איבער באַרג און טאָל,
דער אָנהייב פון דער וואונדער־שטאָט
פון בריק, און שטיין, און שטאָל.

געענדיקט האָט דער אַלטינקער
די מעשה צו דערציילן,
מיט בענקשאַפט קוקט ער אויפן טייך,
וואָס ציט זיך דאָ פּאַר מיילן.
מיט טרויער אויף דער ריזן־שטאָט
פון בריק, און שטיין, און שטאָל.
געענדיקט איז דאָס מעשהלע
פון ווייט־ווייטן אַמאָל!

# דאָס געזאַנג פון פעלקער

ניו־יאָרק, ניו־יאָרק!
ווער קאָן די וואונדער דיינע מעסטן?
עס זוכן ריזן מויערן זיך
מיט זון און הימל צו פאַרמעסטן.
איבער רעשיק־טומלדיקע גאַסן
אַ פרידלעכער פאַרקער
פון פעלקער אַלערליי און ראַסן,
און ס'זינגט די שטאָט אַ וואונדערלעך געזאַנג
פון בוי־מאַשין און האַמער־קלאַנג.

ניו־יאָרק, ניו־יאָרק,
די שטאָט פון וואונדער,
וואו יעדעס פאָלק זינגט־אויס באַזונדער
זיין בענקשאַפט און זיין טרוים!
ווער עס זינגט פון פלאַמיק־הייסער זון
און אייביק־גרינעם פאַלמען־בוים,
און ווער פון אייביק־ווייסן שניי
אין ווייט־ווייטן סיביר.

פול מיט פראַכט, און בענקשאַפט אָן אַ שיעור
באַזינגט ווער דאָרט
דאָס קליינע שטעטעלע אין טאָל,
וואו געוויגט האָט זיך
זיין קליין וויגעלע אַמאָל!
און פון ווייט־ווייטן אָריענט,
פון לאַנד פון סונג און טשאַנג —
יעדער מיט זיין ליד, מיט זיין געזאַנג!

און ערגעץ דאָרט,
אין מיט פון שטאָט,
זינגט ווער אויס די „האַרלעם בליוס",
און איבער דעכער,
אַלט און קרום,
צעטראָגט זיך הויך אַ ציטערדיקע שטים,
און פרעגט:
פאַרוואָס? פאַרוואָס?

ניו־יאָרק, ניו־יאָרק, די שטאָט פון וואונדער,
וואו יעדעס פאָלק באַזונדער,
זינגט־אויס זיין טרוימעריש געזאַנג
צום שעפערישן ריטעם קלאַנג.

1959

## דאָס פויערל כאַן־סון

אַמאָל, אַמאָל,
אַזוי הייבט דער זיידעניו
זיין מעשהלע איצט אָן.
אַמאָל איז אַ פויערל געווען, אַ פויערל, כאַן־סון.
מיט זיין פויערטע, ניאַן־סון,
ווי צוויי שטילע טויבן
פלעגן זיי פאַר רייכע פריצים
דעם ברוינעם רייז פון פעלדער קלויבן.

מיט צעפעלעך שטייף־פאַרפלאָכטענע,
און לאַנגע, ביז צום רוקן,
פלעגן זיי פאַר רייכע פריצים
בייגן זיך, און בוקן,
בוקן זיך און בייגן, און מיט הונגער אין די אויגן,
די ברעקעלעך געקליבן,
וואָס ס'איז פאַר זיי, די פויערימלעך,
פון רייכן טיש פאַרבליבן.

ביז איינמאָל
האָט אַ ווינטעלע צעיאָגט זיך איבער פעלד,
און דערהערט האָט כאַן־סון
אַז ס'האָט צעשטורעמט זיך די וועלט!
און צעזונגען האָט זיך ס'ווינטעלע
מיט וואונדערלעכע טענער,
פון קאַמפן, און פון זיגן,
און פון פלאַטערדיקע פענער!

אוּן אויפֿגעשײַנט האָט העל די זון
פֿאַרן פֿויערל כאַן־סון!
אוּן אַלץ דערציילט דער זיידעניו,
האָט איצטער זיך געביטן!
פֿאַרשוואונדן שטייפֿע צעפּעלעך
פֿון אונטער ברייטע הוטן,
פֿאַרשוואונדן איז דער הונגער פֿון אומעטיקע אויגן,
אוּן אויפֿגעהערט האָט כאַן־סון צו בוקן זיך, צו בויגן.

העלער האָט די זון
איבער פֿעלדער זיך צעשיינט!
און ס'זעט דער אַלטער זיידעניו
ווי אַנדערש ס'איז דער היינט!
דאָס וואונדערלעכע מעשהלע
הייבט איצטער ערשט זיך אָן,
דאָס מעשהלע, דאָס וואונדערלעכע,
פֿון פֿויערל כאַן־סון.

# טשיאַ לינג, טשיאַ לינג!

(צום אינטערנאַציאָנאַלן פרויען־טאָג)

טשיאַ לינג, טשיאַ לינג!
דו, העלדין פון דער ווייטער כינע,
פון די רייז־פעלדער אַרום דעם יאַנגצע־טייך!
מיט אַלע פרויען היינט צוגלייך,
גרים איך דיך פון ווייט,
דו, העלדין פון דער נייער צייט!

ערשט ניט לאַנג צוריק ביזסטו,
ווי אַ שטילער לאָם געווען,
מיט שעמעוודיקע מאַנדל־אויגן,
פאַר יעדן האַר האָסטו
געבוקט זיך
און געבויגן.

און פרעמד איז דיר געווען
די שריפט, די חכמה פון אַ בוך,
מיט פיסלעך שטייף געפענטעטע, האָסטו
קוים געמאַכט אַ שפּרייז,
און אָרעם שיטער איז געווען
דיין שיסעלע מיט רייז.

און היינט, הערט נאָר, הערט,
מיט האַמער און מיט סערפּ,
און אויב מען דאַרף,
מיט פייער און מיט שווערד,
דו שפּאַנסט אויף נייע וועגן,
אַ נייעם פרייען מאָרגן גייסטו היינט אַנטקעגן!

הויך האַלטסטו די פאָן אין האַנט,
דו, קעמפּעריין פון דיין אויסגעהונגערט לאַנד!
און איצט, פון פענטעס אַ באַפרייטע,
דו שפּאַנסט פאָראויס, און מיט יעדן שפּאַן,
מיט יעדן נייעם שפּרייז,
ווערט פולער ס׳שיסעלע מיט רייז.

טשיאַ לינג, טשיאַ לינג!
צוזאַמען היינט, צוזאַמען שפּאַנען מיר,
קעגן הונגער, קעגן קריג,
ביז קומען וועט דער זיג!
שפּאַן טשיאַ לינג פאָראויס
אויף נייע וועגן,
אַ נייעם פרייען מאָרגן גיי אַנטקעגן!

1960

# עס האָבן גלאָקן זיך צעקלונגען

(צום זעקסטן אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־פעסטיוואַל אין מאָסקווע)

וואָס האָבן גלאָקן זיך צעקלונגען,
מיט פרידנס־טענער, זיך צעזונגען?
פאַרוואָס דער יום־טוב מיט די בלומען?
פון וויטן זיינען געסט געקומען!

פון אַלע עקן אין דער וועלט
האָט יוגנט זיך אין ריי געשטעלט,
מיט שלום־פאָנען אין די הענט
מעכטיק־שטאַרקע, פעלדזן־ווענט!

סעמיאָן, ישראל, דזשאַן, און טשיאַנג,
מאַרשירן פריידיק, מיט געזאַנג,
מיט ליד זיי בויען אויס אַ בריק,
אַ בריק פון פריינטשאַפט, און פון גליק.

די פאָן די ווייסע אויבנאָן,
ביים זייט, די סטרייפ־און־שטערן פאָן,
מיט רויטע פאָנען, זייט־ביי־זייט,
פלאַטערט פאָן פון וויטסטער ווייט.

און ס'צעטראָגט זיך דאָס געזאַנג
פון יאש, ישראל, דזשאַן, און טשיאַנג,
איבער לענדער ווייט אַוועק,
איבער וועלט, פון עק צו עק.

און עס זינגען איצטער אויס
די זעלבע לידער, קליין און גרויס,
אויף זיין שפּראַך זינגט יעדער ס'ליד,
ס'ליד פון שלום, ס'ליד פון פריד!

# אַ נייער ניגון

טאָם־טאָם, טאָ־טאָם, טאָם־טאָם,
ערגעץ־וואו, אין טיפֿן דזשאָנגל,
קלאַפּן פּייקלעך אויס אַ ניגון.
אַ ניגון פֿון דער צייט דער נייער,
פֿול מיט גלויבן, פֿול מיט פֿייער,
פֿול מיט וואונדערלעכע זיגן.

טאָם־טאָם, טאָם־טאָם, קלאַפּן פּייקלעך,
קלאַפּן, קלאַפּן, שנעל און שנעלער,
אַזש עס פֿליען פֿייער־פֿונקען!
און באַלויכטן ווערט דער דזשאָנגל
אין שוואַרצער פֿולקייט
טיף פֿאַרזונקען.

וואונדער גרויסע, גרויסע וואונדער,
קאָן אַ פֿונק אַמאָל באַווייזן!
ווען אויף פֿוילע ביימער פֿאַלט ער,
אַ ריזן־פֿעלדז אין צווייען שפּאַלט ער,
און אין העלישן געפֿלאַקער
שמעלצט ער הארטן שטאָל און אייזן.

וואונדער, וואונדער, גרויסע וואונדער
קאָן אַ פֿונק אַמאָל באַשאַפֿן!
עס קאָן אַ קליינער פֿונק פֿון גלויבן
אַלטע צוימען, ווענט צעברעכן,
און באַפֿרייען
פֿעלקער־שקלאַפֿן!

עס האָט אַ פייער־פונק אין דזשאַנגל
גרויסע וואונדער איצט באַוויזן!
אין אַ פייער זיך צעפלאַקערט,
אין אַ פייער זיך צעבלאָזן,
ברענען דאָרט די ווילדע גראָזן,
און ס'פאַלן פוילע ביימער־ריזן.

קלאַפּן פּייקלעך, שנעל און שנעלער,
פול מיט גלויבן, פול מיט פייער,
קלאַפּן־אויס אַ נייעם ניגון,
אַ ניגון פון דער צייט דער נייער,
און אין וויטן, טיפן דזשאַנגל,
ווערט אַלץ ליכטיקער, אַלץ העלער!

1959

## ציען זיך רייען

וואוהין ציען זיך איצטער די רייען געדיכטע
אַקסל צו אַקסל, אָרעם אין אָרעם ?
פון מזרח און מערב, צפון און דרום,
מיט פרייהייטס געזאַנגען, און צעוויקלטע פאָנען,
ציען זיך, ציען זיך די רייען געדיכטע,
אַ חוב פון יאָרהונדערט
אַצינד אויפצומאָנען.
איינער ווי אַלע, אַלע ווי איינער !
דעם חוב אויפצומאָנען,
פאַרפעלן טאָר קיינער !
און ווער ס'האָט געוויסן
און יושר אין האַרצן,
זאָל שפאַנען אין ריי
מיטן ברודער דעם שוואַרצן !
אַ ים אַ צעברויזטער ! ווער וועט אים צוימען ?
דער שלאָם אויפן ריגל,
עס פוסטעווען היימען,
די קינדער די קליינע
ווי בילדער אין ראַמען,
אויף הענט און אויף אַקסל
פון טאַטע און מאַמען.
פאָנען, פלאַקאַטן, אַ ים פון קאָלירן !
אין רייען געדיכטע צוזאַמען מאַרשירן
איצט שוואַרצע און ווייסע, אָרעם אין אָרעם,
פון מזרח און מערב, צפון און דרום,
מיט פרייהייטס געזאַנגען,
צעפלאַטערע פאָנען.
דעם חוב פון יאָרהונדערט
אַצינד אויפצומאָנען.

1963

## דער טרוים פון הונדערט יאָר

וועד קלאַפּט עס איצט אין ווייסע טירן
פון היימען ווייטע, היימען פרומע ?
ניט קיין בעטלער, נאָר אַ מאָנער.
שפּאַנט איצט איבער שטעט פון דרום,
אַ חוב אַן אַלטן אויפצומאָנען,
אַן אַלטן חוב פון הונדערט יאָרן,
פאַרווישט, פאַרמעקט דאָרט
פון זכרון !

אָ, די שטעטעלעך פון דרום !
אַלע צו איין מאָס געשניטן !
די פרומע ווייסקייט אָפּגעהיטן,
פאַר דורות לאַנג, פאַר יאָר און יאָרן.
ס'זאָל רייך און אָרעם
זיך ניט מישן,
שוואַרץ און ווייס
זאָל זיך ניט פּאָרן !

אָ, די שטעטעלעך פון דרום,
די אָפּגעהיטענע, די פרומע !
לאַנג פאַרווישט איז פון זכרון
דער שענסטער טרוים פון יאָר און יאָרן !
נאָר אין היימען, אַלטע, קרומע,
מיט די רעגנדיקע דעכער,
לויזע שפּאַרונעס און לעכער,
לייכט אַצינד אַ נייער גלויבן !

אַ נייע האָפענונג און גלויבן,
דעם חוב דעם אַלטן אויפצומאָנען,
עס מאָנט דאָס בלוט אויף אַלטע פּאָנען,
דעם אַלטן חוב טוט עס דערמאָנען!
אַ נייע האָפענונג און גלויבן,
שוין ווערן זאָל דער טרוים אַ וואָר,
דער אַלטער טרוים, דער לאַנג־געגאַרטער,
דער שענסטער טרוים, פון הונדערט יאָר.

1961

# מעשים פון וואונדער

יאָגן זיך ווינטעלעך, טראָגן זיך ווינטעלעך,
איינס וויל דאָס צווייטע דעריאָגן.
ווינטעלעך טייערע, ווינטעלעך ליבע,
וואָס ווילט איר מיר, ווינטעלעך, זאָגן?

יאָגט זיך ניט, איילט זיך ניט, ווינטעלעך ליבע,
כ'וועל אייך דאָך אַלע אויסהערן!
וועט איינס מיר דערציילן פון רוישיקע כוואַליעס,
דאָס צווייטע פון ליכטיקע שטערן.

דאָס דריטע, עס יאָגט זיך, און וויל מיר דערציילן,
פון ריזיקע ימים, און טייכן,
פון פייגל וואָס קעמפן מיט שטורעם און רעגן
זיך יאָגן דעם ברעג צו דערגרייכן!

און אָט קומט אַ ווינטל פון וויט־ווייטע ווייטן
פונעם לאַנד איבער טויזנטער מיילן,
און ברענגט מיר אַ גרוס פון אַ פאָלק אַ באַפרייטן
און וויל מיר פיל וואונדער דערציילן.

די וואונדער ישראל? אַ טרוים אַ דערפילטער!
עס קלינגט דאָך ווי מעשה מצרים!
דערצייל מיר שוין ווינטל, איך בעט דיר, דערצייל מיר,
די וואונדער פון לעבן דעם נייעם!

און אָט איז אַ ווינטל, וואָס וויל עס דערציילן ?
און אפשר גאָר וויל עס דערמאָנען,
אַז איצט קומט די צייט, מען טאָר ניט פאַרגעסן
דעם טאָג פון צעוויקלטע פאָנען !

דאַנק איך אייך ווינטעלעך, פרישינקע, ליבע,
בענטש איך אייך יעדעם באַזונדער,
פאַר קומען צופליען פון ווייט־ווייטע ווייטן
און דערציילן מיר מעשיות פון וואונדער !

1959

# מעשהלעך פון טויזנט און איין נאַכט

אַמאָל, אַמאָל, פלעגט מען פאַר אונדז מעשהלעך דערציילן
פון אַ פאָלק, אַ ריזן־פאָלק,
אין מיליאָנען הונדערטער צו ציילן!
ערגעץ איבער ימען דאָרט, אין דער ווייטער, ווייטער וועלט,
און עס איז דאָס ריזן־לאַנד
מיט אַ הויכער וואַנט פאַרשטעלט!

מעשהלעך גאָר וואונדערלעכע פלעגן מיר דאַן הערן,
שיינע, העלע, פריידיקע,
און מעשיות פול מיט טרערן.
מעשהלעך פון צעפּעלעך, פון שיינע מאַנדל־אויגן,
פון פיסלעך שטייף געפּענטעטע,
מיט שטריקעלעך פאַרצויגן.

שיינע, קלוגע מעשהלעך, פון אַלטע, אַלטע צייטן,
פון אַ פאָלק אַ ריזן פאָלק,
דאָרט וואו, אין ווייטע ווייטן!
מיט טייכן רייז־קרישטאָלענע, מיט פעלדער אָן אַ שיעור,
דאָך פלעגט דער הונגער דורות־לאַנג
דאָרט קלאַפּן אין דער טיר.

דורות, לאַנגע דורות, פלעגט דער הונגער דאָרטן שפּאַנען
איבער פעלד מיט קאָרן, ווייץ,
און רייז־פאַרזייטע לאַנען!
ביז געקומען איז אַ נייע צייט און דערציילט שוין מעשיות נייע,
פון פעלקער דאָרט אין ווייטער ווייט,
נים געפּענטעטע, און פרייע.

היינט הערן מיר שוין מעשהלעך פון העלע פרייהייטס־טרוימען,
ווי כוואַליעס, שטורעמדיק־צעברויזט,
קיין ים וועט זיי ניט צוימען!
עס שפּאַנען דאָרט די פעלקער איצט, מיט ריזן־טריט זיי שפּרייזן!
קעגן הונגער, קעגן נויט,
וואונדער איצט באַווייזן!

דערציילט האָב איך צוויי מעשהלעך, דערציילט אייך מעשיות צוויי,
איז איינס, פון אַלטע צייטן נאָך,
דאָס צווייטע, פריש און ניי,
און ביידע זיינען אמתדיק, פון קיינעם ניט פאַרטראַכט,
און זיינען ווי די מעשהלעך
פון טויזנט און איין נאַכט!

# אויף שפּיץ פונעם בערגעלע

אויף שפּיץ פונעם בערגעלע וויגט זיך אַ בוימעלע,
וויגט זיך דאָרט איינזאַם, פאַרלאָזן,
היינט האָבן זיך ווינטעלעך פרישינקע, נייע,
אַרום בוימעלע פריידיק צעבלאָזן.

ווינטעלעך, נייאינקע, קליינינקע שטיפערלעך,
בייגן די צווייגעלעך, רוישן.
ווייסטו קליין בוימעלע, שעפּטשען די ווינטעלעך,
אַז צייט שוין דאָס קליידל צו טוישן?

באַלד וועלן קומען די געסט די באַליבטע
און ברענגען מיט נייאינקע צייטן,
ווילן מיר, בוימעלע שיינס, דיר דערמאָנען,
זאָלסט ס'ווייסינקע קליידעלע בייטן.

בייטן דאָס קליידעלע? ווינטעלעך ליבע!
איר קאָנט עס מיר, טייערע, טרויען!
זאָלן זיי קומען, די געסט די באַליבטע,
ביי מיר זיך די נעסטעלעך בויען!

שפּינען וועל איך מיר אַ קלייד און אַ היטעלע,
פון בלעטעלעך גלאַנציקע, גרינע,
פאַרוועבן אין זיי דעם טוי און דעם רעגן,
און זוניקע פעדעמלעך דינע!

מיט גרינינקע צווייגעלעך וועל איך באַשיצן
די שוועלבעלעך, טייבעלעך ווייסע,
און ס'וועלן די בלעטעלעך רוישן און רוישן,
צום שלאָף זיי דערציילן אַ מעשה.

שוין יאָגן זיך פייגעלעך, טראָגן זיך פייגעלעך,
זיי קומען פון וויטינקע וויטן,
עס וויגט זיך דאָס בוימל, און שפּינט העלע טרוימען,
פון פריידיקע, זוניקע צייטן.

# כ׳בין זיך מודה

דעם דיכטער דוד סעלצער, צו דער דערשיינונג
פון זיין בוך „בילדער און געשטאַלטן”

כ׳בין זיך מודה :
מקנא בין איך דעם,
וואָס טראָגט אין זיין זכרון
אין אַ ראַם אַ גאָלדענער
דאָס בילד פון זיינע קינדער־יאָרן.
זיין קינדהייט זאָרגלאָזע,
מיט טייך און גרינעם בוים פאַרוועבט,
שוועבט נאָך אַלץ פאַר זיינע אויגן
ווי דער שענסטער רעגנבויגן.

און איך, אַ קינד פון שטאָט פאַררויכערטער,
אונטער הימלען גרויע,
וואו אַ טייכל,
אַ בוים אַ גרינער,
געווען איז נאָר אַ טרוים אַ בלויער,
פאַרבליבן זיינען אין זכרון רוקנס קינדערשע
איבער וועבשטולן געבויגן,
מיט הונגער, נויט, אַ שטענדיקער באַגלייטער.
אַ טייכל, אַ בוים
געווען איז נאָר אַ טרוים
אַ שיינער און ווייטער.

אַזוי איז ער פֿאַרבליבן, דער טרוים פֿון מײַנע קינדער־יאָרן,
אויף שטענדיק שוין פֿאַרבליבן.
און מקנא בין איך דעם
וואָס טראָגט אין זײַן זכרון
אין אַ ראָם אַ גאָלדענער
דאָס בילד פֿון זײַנע קינדער־יאָרן,
און ס'שוועבט נאָך אַלץ פֿאַר זײַנע אויגן
זײַן קינדהייט זאָרגלאָזע
ווי דער שענסטער רעגנבויגן.

1961

## איצט גייט זי ווידער אויף

איך האָב געזען דאָס אויפגיין פון דער זון,
און באַוואונדער איר פאַרגיין.
נאָר אָנשטאָט שטילער פרייד
איז פאַרבליבן ווייטיק נאָר און פּיין,
ווייל פאַרגאַנגען איז די זון,
ניט ווי אַלע מאָל, אין איר פולער פּראַכט,
ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן נאַכט!

פאַרשוואונדן איז די זון
און ניט געוואָרן מער.
פאַרבליבן איז
אַ ניט־פאַרהיילטע וואונד,
אַ ניט־פאַרווישטע טרער.

איצט גייט זי ווידער אויף
אין איר פולער פּראַכט,
און פון פרימאָרגן ביז פאַרנאַכט
וואַרעמט זי און גלעט
אַלע די, וואָס ציען זיך צו איר
מיט תפילות, מיט געבעט.

ווי אַ מאַמע אַ געטרייע
גלעט זי, וואַרעמט אַלעמען צוגלייך:
די וואַסער־בלום אין טייך,
די קליינע שוואַלב, די ווייסע טויב,
און שיקט אַ שטראַל פון האָפענונג
צו אַ קראַנקן דורך דער שויב.

און פּאַר איטלעכן פֿאַרגייען
דעם הימל מיט פֿייער זי צעצינדט,
ווי ס'וואָלט וועלן איצט די זון
מיט איר שיינקייט
פֿאַרהיילן וואו
אַ לעצטע, ניט־פֿאַרהיילטע וואונד.

# ניט איינמאָל . . .

ניט איינמאָל
שווימען־אויף אין מיין זכרון
טעג און נעכט
פון מיינע קינדער־יאָרן,
אין שכנות מיט קינדער קרענקלעכע
און בלאַסע,
אין דירות פינצטערע
און אין קעלער־שטובן נאַסע.

און וואָס דאַן געווען
סודותדיק, פאַרבאָרגן,
איז בולט איצט און קלאָר,
קלאָר די שטוב,
די שווערע פרנסה־זאָרגן,
און דער פריער גרוי
אין מיין טאַטנס
יונגע האָר.

טיף פאַרוואָרצלט אין זכרון
איז די שטאָט,
וואו מיין יוגנט איז פאַרשוואונדן.
דעם ערשטן יוגנט־טרוים האָט זי
אין יונגן האַרצן מיר צעצונדן,
און געלאָזט דאָרט שפּורן
פאַר יאָרן שוין
און יאָרן!

היט איך, היט איך איצט די שפּורן
ווי אַ גרויס פֿאַרמעגן,
זיי זאָלן אין אַ שווערער צייט מיר
באַלייכטן העל די וועגן,
און געוואָרן איז דער יוגנט־טרוים
מיין טעגלעכער באַגלייטער,
אַ ליכטיק־פֿריידיקע דערמאָנונג
פֿון דער יוגנט מיינער ווייטער.

1963

# איך האָב זיך היינט מיין פּען פאַרטרויט

איך האָב זיך היינט מיין פּען פאַרטרויט,
אַ נייעם פּאָדעם וויל איך שפּינען.
מיט נייע קלאַנגען, נייע טענער,
צום יונגן דור מיין וועג געפינען.
מיט פרישער שפּראַך און נייעם ניגון
צו קינדער היינטיקע איצט קומען,
צו די קינדער קליינע, שיינע,
ווי די ביימעלעך און בלומען.

האָט מיין פּען זיך גלייך פאַרמאָסטן
פאַר אַ ניגון — שפּאָגל־ניי,
פאַר אַ ליד מיט פרישע טענער
זיך פאַרמאָסטן גאָר אויפסניי!
יעדן אות געטריי געוואויגן,
געפּוצט, געשליפן אים, ביז גאָר!
גראַמען רונדע, ווי די פּערל,
פאַרצויגן אויף אַ פּערל־שנור.

שיין די שפּראַך! פיין דער ניגון!
נאָר פרעמד דער קלאַנג, די נייע טענער!
פּרואוו איך זינגען ס׳ליד אויף יידיש
איז ניטאָ קיין לשון שענער!
וועל איך איצט, פון היינט און ווייטער,
מיר מיין אַלטן פּאָדעם שפּינען,
מיט מיין ליד אויף מאַמע־לשון
צום יונגן דור דעם וועג געפינען.

מיט מיין ליד אויף מאַמע־לשון
צו די קינדערלעך איצט קומען
צו אַלע קינדער ליבע, קלוגע,
ווי יונגע ביימעלעך און בלומען.
ווידער פֿאַר די קינדער קליינע
וואונדערלעכע שלעסער בויען,
און מיין פֿען, דער פֿען געטרייער,
אויף מאַמע־לשון זיך פֿאַרטרויען.

1961

# געווען איז אַ געסל

געווען איז אַ געסל, אָט דאָרטן נים ווייט,
דאָרט וואו ס'בוימל
דאָס איינציקע שטייט!
געשמט'ט האָט דאָס געסל מיט רייכטום אַמאָל,
מיט פענצטער פאַרפּוצטע,
מיט שויבן־קרישטאָל.

מיט ביימער צעגרינטע, אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן,
עס איז נאָך דאָס געסל
איצט דאָרטן פאַראַן!
נאָר אָרעם איז ס'געסל, גרוי איז עס איצט,
מיט קינדערלעך קליינע
זיינען שוועלן באַפּוצט.

אויף אָרט פון די ביימער, אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן,
איז אַ בוימל אַן איינציקס
איצט דאָרטן פאַראַן!
אין אָרעמען געסל פאַרבליבן אַליין,
זאָל כאָטש אַ בוימל
אַן איינציקס דאָרט זיין!

כאָטש קליין איז דאָס בוימל, דאָך האָט עס אַ טרוים,
די ליכטיקע טרוימען
וואָס עס שפּינט יעדער בוים!
אין ווייסן פאַרפּוצט איצט, טרוימען עס שפּינט,
פון נעסטעלעך קליינע
אויף צווייגן צעגרינט.

און שיין איז דאָס געסל, ליכטיק און העל,
מיט קינדערלעך שיינע
אַ שוועל אויף אַ שוועל,
די קינדער מיט אייגעלעך שוואַרצע און בלוי,
די קינדער פון הייזער
וואָכעדיק, גרוי.

און שיין איז דאָס געסל, שיין אַזוי היינט,
די הייזער די גרויע
דאָס בוימל באַשיינט.
און שענער, פיל שענער ווי די גאַס פון אַמאָל,
מיט פענצטער פאַרפוצטע
און שויבן־קרישטאָל.

1961

# די נייע שכנים

.1

וועד זיינען זיי, די נייע שכנים,
די יונגע טאַטעס,
צאַרטע יונגע מאַמעס
מיט קינדער קליינע
אויף די הענט ?

זייער היים —
פיר ענגע ווענט
פינצטער און צעבויגן,
באַלויכטן נאָר
פון שטיפערישע קינדער־אויגן,
אין די ווינקלען
פאַרטייעט ליגט די זאָרג,
דער שטומער עדות
צום ביסל אָרעמקייט
גענומענעם אויף באָרג.

.2

עס גייט אַ פאָלק אויף שווערע וועגן,
די יונגע אַרבעטס־הענט
זייער איינציקער פאַרמעגן.
יאָגן טאַטע־מאַמע
אין די טונקעלע פאַרטאָגן,
פון ענגן מענטשן־שטראָם געטראָגן,
צו פאַבריקן,
צו מאַשינען,
שפּאַנען איבער גאַסן
אַרבעט צו געפינען.

אין דער היים,
אין ענגע פיר ווענט,
וואַרטן פיצלעך קינדער,
ווען וועלן טאַטע־מאַמע קומען
און צערטלעך נעמען אויף די הענט?
אין די ווינקלען
פאַרטייעט ליגט די זאָרג,
דער שטומער עדות
צום ביסל אָרעמקייט
גענומענעם אויף באָרג.

1962

# און ווידער קומען מיר צו דיר

האָדסאָן שײנער, בלויער האָדסאָן!
נאָך טעג פיל, אומעטיקע, גרויע,
האָסטו ווידער זיך פאַרפוצט פאַר אונדז
אין פאַרבן בלויע
און ווידער קומען מיר צו דיר,
ווי צו אַ פרײַנט,
אַן אַלטן און אַ ליבן!
פון אַלע הײַזער טונקעלע,
פון ענגע שטובן,
וואו שכנים נײַע
— הײמען אָרעמע איצט בויען,
און גוט איז אונדז אַלעמען אַצינד
בײַ דעם ברעג דעם בלויען!

גוט איז אונדז אַלעמען
אונטער ביימער גרינע איצט צו רוען,
נאָך שווערע טעג
פון לאַנגע אַרבעטס־שעה׳ן,
לייכט אַזוי די בענקשאַפט
נאָך דער ווייטער היים צו שטילן,
נײַע האָפענונגען צו שפינען!

און גוט איז נאָך אַ טאָג אַ שווערן,
דאָס מורמלען פון די וואַסערלעך צו הערן,
ווי זיי פליסן, ווי זיי יאָגן,
און אין איילן געיעג,
דערציילן זיי די וואונדער
פון יונג־באַנייטע,
וואונדערלעכע, פרילינג־טעג !

1960

# ביים פענצטער שטייט אַ בוימעלע

ביים פענצטער שטייט אַ בוימעלע
איינגעטונקט אין שנייען,
אַרום אים ווינטן ווייען,
ברעכן צווייגעלעך און בויגן,
ווילן אינעם קליינעם בוימל
צוויפלען איצט
פאַרזייען!

נאָר דאָס קליינע בוימעלע,
שטאַרק אַזוי
און זיכער,
קעמפט עס מיטן בייזן שטורעם,
קעמפט מיט בייזן
וויכער.

בוימל קליינס, אים וויל איך זאָגן:
לערן דו אונדז, לערן,
נים צו לאָזן זיך באַרויבן
פון אַ האָפענונג,
פון אַ גלויבן,
אַז ערגעץ אונטער וואָלקנס גרויע
איז פאַראַן אַ זון אַ העלע,
און אַ הימל בלויער!

לאָמיר בוימעלע, צוזאַמען,
אין די צייטן
איצט די שווערע,
חלומות העלע שפינען,
ביז ווידער קומען וועט דער פרילינג,
און ס'וועלן ביימער
גרינען.

## שלום, שלום

ס'איז אַ ווינטל אָנגעפלויגן
פונעם הימל בלויען,
דעם נאַקעט־דאַרן בוימעלע
אַ סוד היינט צו
פאַרטרויען!
באַלד וועט די זון די ליכטיקע
צערטלען דיך און גלעטן,
צום פרילינג־יום־טוב וועט זי דיך
היינט, בוימעלע,
פאַרבעטן!

הערט און הערט דאָס בוימעלע,
און אַ פריידיקע צעוויגט זיך!
גענוג, גענוג שוין מיט דער זון
געברוגז'ט זיך,
געקריגט זיך!
אַ שלום וועט זי שליסן איצט,
דעם לאַנג־געגאַרטן שלום,
פאַר אַלע העלע פרילינג־טעג,
און אַ זומער, —
ווי אַ חלום!

פאַרגעסן אַלע טרוימען איצט,
אַ ווינטער־לאַנג געשפּינטע,
דורך אַלע העלע פרילינג־טעג
און זומער־טעג צעגרינטע!
פאַרגעסן פריינט די טייערע,
די טרוימען העלע, בלויע,
וואָס טרייסטן דיך
און מוטיקן
אין שווערע טעג
די גרויע.

שלום, שלום, הערט זיך איצט
שוין איבער שטעגן, וועגן,
געשלאָסן איז אַ שלום איצט
מיט העלער זון
און רעגן!
אַ שלום איז געשלאָסן איצט,
דער לאַנג־געגאַרטער שלום,
פאַר אַלע העלע פרילינג־טעג,
און אַ זומער —
ווי אַ חלום!

## מיט געזאַנג פון „שיר השירים״

שטורעמס, שנייען, ווינטער־ווייען,
פאַרגאַנגען לאַנג שוין
און פאַרשוואונדן.
דאָס האָט דער פרילינג, יונגער, שיינער,
אויף שנעל פאַרהיילט די ווינטער־וואונדן.
פאַרזייט די קערנדלעך און פלאַנצן,
און פאַר דער זון
דעם טוי און רעגן,
געלאָזט די וואונדער צו דערגאַנצן.

שפּאַנט דער זומער איבער וועגן,
שפּייזט די ערד
מיט זון און רעגן,
און די מאַמע־ערד די קלוגע
זאַמלט איצט איר גרויס פאַרמעגן,
אַזוי, אַז הונגערן
זאָל קיינער,
אויף דער מאַמע־ערד
דער שיינער!

איז זינגען וויל איך „שיר השירים״
דעם זומער שיינעם איבער וועגן,
דער מאַמע־ערד
מיט איר פאַרמעגן,
די רייפע פעלדער,
גרינע פעדער,
די גרויסע וואונדער צו באַזינגען,
טוט זיך פלייסן
איצט מיין פעדער!

און קומען וועלן טעג פון טרויער,
טעג די האַרבסטיקע
די טריבע,
מיט לידער וועל איך אים דערמאָנען,
און מיט בענקשאַפט
אים באַגלייטן,
דעם זומער שיינעם, זומער ליבן,
די שענסטע צייט,
פון אַלע צייטן.

1962

# די שטאָט אין פרילינג

כ'האָב ליב די שטאָט,
די ברויזיק־טומלדיקע שטאָט,
אין אַלע צייטן.
נאָר ליבער איז זי מיר אין פרילינג,
ווען זי איז אַ פאַרפוצטע,
אַ באַנייטע,
מיט אַ העל־צעלויכטן פּנים
אין פריידיקער דערוואַרטונג
פאַר פרילינגס ליבע מחותנים.

אונ זיי קומען, און זיי קומען,
די מחותנים לאַנג־געגאַרטע!
שוין דאָ־און־דאָרט פאַראַן סימנים
אויףביימער נאַקעטע, פאַרדאַרטע,
און ס'איז קיין חלום מער, קיין טרוים.
שוין גייט די זון
פון בוים צו בוים,
העל־צעלויכטן אויף איר וועג
צו ליכטיק־זומערדיקע טעג.

און ווידער
איז דער פרילינג דאָ,
מיט די גאָלדענע פאַרטאָגן,
געקומען צו דער ריזן־שטאָט
וואו אַכט מיליאָנען הערצער שלאָגן,
מיט אַ נייעם האָפן,
גלויבן,
אין די וואונדער
פונעם לעבן.

אונ ליב איז מיר די שטאָט אין פרילינג,
מיט איר נייעם שוואונג און ריטם
אין פיל־מיליאָניקן באַוועג,
אין די זוניק־העלע טעג,
אונטער קלאָר־צעבלויטן הימל,
ווען לייכטער,
יינגער ווערט דער טראָט,
און האַמערט־אויס אַ הימן צו פרילינג
אויף די גאַסן פון דער שטאָט.

1963

# לינקאָלנס צוואה

איך ווייס —
אָרעם איז די פעדער,
די קאַמפן היינטיקע,
די שטרייטן,
מיט ווערטער צו באַשרייבן.
נאָר אין זכרון וועלן זיי פאַרבלייבן
שוין פאַר יאָר און יאָרן,
מיט וואונדער צו דערמאָנען,
און לעגענדעס, מעשהלעך,
פאַרן יינגן דור
צו שפינען.
מעשהלעך, לעגענדעס,
וואונדערלעך ביז גאָר,
ווי ס'האָט דערוואַכט אַ פאָלק
נאָך לאַנגע הונדערט יאָר,
און געגעבן זיך אַ שבועה
הייליק אויסצופאָלגן
לינקאָלנס צוואה!
איך ווייס,
נאָענט איז די צייט,
שוין ברעקלט זיך די צוים,
וואָס טיילט איצט
שוואַרץ פון ווייס.
איך זע זיי אין מיין טרוים,
די פריידלעך־העלע טעג,
אָן קאַמפן בלוטיקע, אָן שטרייטן,
איך ווייס —
זיי זיינען אויפן וועג,
די נייע צייטן.

1963

# איך בין אַ פאָן!

(צו לינקאָלנס געבוירנטאָג)

איך בין אַ פאָן!
נישט סתם אַ פאָן, וואָס פלאַטערט אָט אַזוי,
מיט שטרייפן און מיט שטערן,
אויף לייוונט, רויט, ווייס און בלוי,
אַן אַלטע לינקאָלן־פאָן בין איך!
מיט שטאָלץ, מיט מוט,
און אויף מיין קלייד איז נאָך פאַראַן אַ טראָפּ
פון לינקאָלנס פאַרגאָסן בלוט!

איך זע, עס דויערט לאַנג דער שטרייט
און אויב ער הייבט זיך איצטער אָן,
גרייט בין איך אַצינד,
מיט אַלטער לינקאָלן־פאָן,
צו גיין אין קאַמף!
פאָראויס, פאָראויס, מיט מוט און האַרץ,
פאַר פעלקער
ווייס און שוואַרץ!

איך בין אַ פאָן!
אַן אַלטע פאָן בין איך!
און לינקאָלנס ירושה
טראָג איך היינט אין זיך!

1959

## דער וועג צו גליק

וואו איז דער וועג צו אייביק גליק,
צום טרוים פון אַלע טרוימען?
איז ער וואו אין הימל־בלוי
העט, העט, אין ווייטע רוימען?
פון דור צו דור, פאַר דורות שוין,
אַ טרוים, אַ העלער שפּינט זיך,
אין פרידן נאָר, אין פעלקער־רעכט,
דער וועג צו גליק געפינט זיך!

און ס'איז די טויב, די שלום־טויב,
דער טרוים פון אַלע טרוימען,
ניט זוך זי וואו אין הימל־בלוי
און ניט אין ווייטע רוימען!
אין טריבע טעג, אין צווייפל טעג,
זי מוטיקט דיך, און טרייסט דיך,
און פלאַנצט אַ נייעם גלויבן דאָרט,
וואו נאָר זי באַווייזט זיך.

אויב קלייבן זאָל איך מיר דעם וועג,
דעם וועג צו גליק זיך קלייבן,
זוכן וועל איך, זוכן אים,
אין נעסט פון ווייסע טויבן!
דאָרטן, וואו פון דור צו דור,
אַ טרוים אַ העלער שפּינט זיך,
אין שלום און אין פעלקער־רעכט,
דער וועג צו גליק געפינט זיך!

1961

# ס׳ליד פון האַמער, סערפּ און נאָדל

ברידער אַלע, לאָמיר זינגען,
זינגען איצט אַ פריידיק ליד,
ס׳ליד פון בויער, שוסטער, שניידער,
ס׳ליד פון שניטער, און פון שמיד!

פריידיק, מונטער, קלאַפּט דער האַמער,
פונעם בויער, איינס און צוויי,
האַמערט אויס אַ ליד אַ פריידיקס,
אייביק פריש און אייביק ניי.

כאַפּט אים אונטער באַלד זיין חבר
אין דער שטאַרקער האַנט פון שמיד,
בייגט ער, האַמערט שטאָל און אייזן,
זינגט אַ פייער־פלאַמיק ליד.

שניידט דער סערפּ די רייפע זאַנגען,
ווייץ און קאָרן, קאָסעט, שניידט,
מיט געזאַנגען, ליכטיק־העלע,
ווערט דער רייפער שניט באַגלייט.

שטעפּט דער שניידער, קלאַפּט דער שוסטער,
ווערן קליידער, שיך געמאַכט,
זינגט די נאָדל, זינגט די דראַטווע,
פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביינאַכט.

נאָדל, דראַטווע, סערפּ און האַמער,
זינגען אויס דאָס שענסטע ליד,
ס׳ליד פון בויער, שוסטער, שניידער,
ס׳ליד פון שניטער, און פון שמיד.

1957

# דריי יאָר

(אין אָנדענק פון דבורה טאַראַנט, צום דריטן יאָרצייט)

דריי יאָר,
דריי לאַנגע יאָרן שוין
ווי דו ביסט פון אונדז אַוועק,
ווי ס׳האָט דער טויט דיר, אָן רחמנות,
אָפּגעשניטן דיין שיינעם לעבנס־וועג !
ווי אַ בוימל נאָכן שטורעם
פון בייזן ווינט געבויגן,
ווי אַ וועלקנדיקע בלום
צווישן בליענדיקע בלומען,
מיט ליכטיק־שטראַלנדיקע אויגן,
האָסטו ביים קראַנקן־בעט
אונדז אויפגענומען.

און ניט געוואוסט האָסטו,
אַז באַלד, ניט לאַנג,
און ס׳וועט אויף אייביק
פאַרשלינגען דיך די נאַכט !
דיך, וואָס האָסט אונדז אַלעמען
מיט וואָרט און פען
פיל שעה׳ן
פריידיקע געבראַכט,
וואָס האָט די שענסטע טרוימען
מיט ליבשאַפט און מיט פרייד,
אין יונגע הערצער
דאָ פאַרזייט.

ליב איז דיר געווען דאָ
יעדער מענטש,
און יעדעס קינד,
ניט פאַרווישן וועט עס איצט
קיין בייזער ווינט!
מיט דיין טיפן גלויבן
אין אַ שיינער וועלט,
אין קאַמף פאַר גליק
און פרידן,
האָסטו נאָך ביים לעבן זיך
דעם שענסטן מאָנומענט
געשטעלט!

דריי יאָר,
דריי לאַנגע יאָרן שוין,
און ווי נעכטן ס'וואָלט געווען!
אַזאַ שטראַלנדיק־ליכטיקע האָב איך דיך
צום לעצטן מאָל געזען,
ווי אַ וועלקנדיקע בלום
צווישן בליענדיקע בלומען,
אין דעם טאָג דעם האַרבסטיקן,
דעם טריבן,
אַזאַ שטראַלנדיק־ליכטיקע ביסטו
אין זכרון אונדז
אויף אייביק שוין פאַרבליבן.

## דאָס שענסטע ליד

די פרעגסט מיך, קינד, פאַרוואָס איך שווייג,
און זינג ניט מיינע לידער ?
ענג איז מיר, מיין קינד, די שטייג !
און ווילסטו, קינד, מיך הער ווידער,
עפן־אויף פאַר מיר
פון שטייג דער גאָלדענער די טיר,
און לאָז מיך פריי !

דורך דער שויב איך זע אַצינד,
עס גייט אַ לעבן אויף אויפסניי,
און יעדעס בוימל, יעדער שטאַם,
וועט אָנטאָן זיך אין גרין מסתם.
איך קאָן נאָר זען עס אין טרוים,
ווי ס׳וועט אויסזען יעדער בוים
מיט אַ נעסט אויף גרינעם צווייג.

עפן־אויף פאַר מיר די שטייג !
וואוהין די בלויע בערג זיך ציען,
דאָרט אַהין וועל איך פאַרפליען !
איבער בערג פאַרדעקט מיט שניי,
די ווייסע וואָלקנדלעך פאַרביי,
און דערלאַנגען צו די שטערן !
דאַן וועסטו מיין ליד דערהערן !

פון דער פריי, און פון דער הויך,
מיט נייעם מוט, און פרישן כוח,
וועל איך פאַר דיר זינגען ווידער
דאָס שענסטע ליד פון אַלע לידער,
דאָס ליד, פאַרוועבט אין פרייהייטס־טענער,
וואָס פון אַלע שענסטע לידער
איז עס שענער נאָך און שענער!

צעזינגען וועל איך זיך אויפסניי!
עפן־אויף די שטייג, מיין קינד,
און לאָז מיך פריי!

# דאָס לעצטע ליד

(אויפן פרישן קבר פון ז. וויינפער)

וואָלסטו געוואוטס,
אַז דו וועסט אויף אייביק אונדז פאַרלאָזן,
וואָלסטו דאַן פאַר אונדז
דאָס לעצטע ליד דיינס אויסגעזונגען.
און שענער נאָך, און הערלעכער,
וואָלט דאָס לעצטע ליד דיינס זיך צעקלונגען!
ווי דען אַנדערש וואָלט געקאָנט
דאָס לעצטע ליד דיינס זיין?

אַ לעבן־לאַנג האָסטו באַזונגען אַלץ
וואָס ליכטיק איז און שיין!
אַ לעבן־לאַנג האָסטו ווערטער יידישע
ווי פּערעלעך געקליבן,
און געפּאַסט זיי אין אַ ראַם
עס זאָל שענער נאָך און ריטמישער
זיך צעקלינגען יעדער גראַם.

גאָר אַנדערש וואָלטן מיר
דאָס לעצטע ליד דיינס היינט באַנומען!
דאָס לעצטע ליד, די לעצטע בלום
אין פולן בוים מיט פאַרבנרייכע בלומען,
און וואו ס'איז ערגעץ־וואו פאַראַן אַ ייד,
וועט ער אויסזינגען
דיין פּרעכטיק יידיש ליד.

אויף אייביק האָסטו אונדז פאַרלאָזן!
אַ ירושה, גאָר אַ גרויסע, האָסטו
פאַר אונדז געלאָזן!
דער רייכער בוים איז פול.
נים אויסגעפילט נאָר איז דאָס אָרט
וואו דו האָסט דאָס לעצטע ליד דיינס
נים דערזונגען.
איצט פינקלען הייסע טרערן דאָרט
נאָך דעם פּאָעט,
וואָס איז צו פרי פון אונדז אַוועק
אין זיין לעצטן, לעצטן וועג.

1957

# אונדזער האַרציק־גוטע זון

קליינע קינדער ווילן וויסן,
קינדער האָבן ליב צו פרעגן,
פאַרוואָס עס פאַלט דער שניי אין ווינטער,
און פון וואַנען קומט דער רעגן?

וואָס עס מאַכט די בלומען בליען?
וואו עס שלאָפט ביינאַכט די זון?
פאַרוואָס דער הימל מיט די שטערן?
פאַרוואָס עס קרייט פאַרטאָג דער האָן?

פאַרוואָס איז דאָס, און דאָס פאַרוואָס;
פרעגן, פרעגן אָן אַ צאָל!
קאָן איך דען זיי אַלץ דערקלערן
אין איין לידל מיטאַמאָל?

וועל איך איצטער דאָ באַזינגען
אונדזער ליכטיק־העלע זון,
ווי זי שיינט אַראָפּ פון הימל
ווען ס'צעקרייעט זיך דער האָן.

ווי אַ האַרציק־גוטע מאַמע
נעמט זי אַלעמען אַרום,
און וואו זי שיקט נאָר אירע שטראַלן
וואַקסט אַ גרעזל, בליט אַ בלום.

אוןְ זי צערטלט, און זי וואַרעמט
יעדעם בוימעלע ביים וועג,
זי פאַרטרייבט די שוואַרצע וואָלקנס
און מאַכט אונדז ליכטיק־שיין די טעג.

נאָך אַ לאַנגן טאָג, אַ מידע,
באַהאַלט זי זיך אין גרינעם טאָל,
און וועגן הימל מיט די שטערן
אין נאָך אַ ליד — אַן אַנדערש מאָל!

# אין שטילקייט

ווי גוט ס'איז אין שטילקייט
דאָ, ווייט פונעם טומל,
ביים טייכל דעם בלויען
אונטערן לויטערן הימל,
וואו פייגל אין נעסטן
זיך לעבן אין פרידן,
שוואַרצע, און בלויע,
באַפּעדערט פאַרשידן!

אין שטאָט נאָר, אין שטאָט,
צווישן מענטשן מיליאָנען,
אין פאָנען־געפלאַטער
פון הונדערט נאַציאָנען,
איז יעדער פאַר זיך,
פאַר זיך איז דאָרט יעדער,
און ס'איז שטאַרק אָפּגעהיטן
די פאַרב פון דער פעדער!

צו ווענען איצט זאָל איך
די מענטשן פאַרגלייכן,
צו בלומען אין פעלדער?
צו פיש אין די טייכן?
פילפאַרביקע בליען
אין פעלדער די בלומען,
און צוזאַמען אין טייכל
די פישעלעך שווימען!

איז גוט דאָ, אין שטילקייט,
ביים ראַנד פונעם טייך,
וואו עס שיינט איצט די זון
פאַר אַלעמען גלייך,
וואו פייגל אין נעסטן
זיך לעבן אין פרידן,
שוואַרצע, און בלויע,
באַפעדערט פאַרשידן.

1963

# היינט, אין טאָג פון טרויער

(צו דער געטאָ־פייערונג)

אויף אַ בערגל, איינזאַם, וויסט,
שטייט אַ ווערבע,
וויינט, און וויינט,
און טיפער איז איר טרויער היינט!
היינט, ווען טייכן טרערן רינען,
וויינט די ווערבע,
קלאָגט און טרויערט,
און קאָן קיין טרייסט געפינען!

ווערבע, אומעטיקע ווערבע!
לאָמיר היינט צוזאַמען וויינען!
די יונגע לעבנס היינט באַוויינען!
היינט, ווען טייכן טרערן רינען,
די געטאָ־קעמפער היינט דערמאָנען,
וואָס האָבן אין די לעצטע שעה'ען
אַ טרייסט אין קאַמף
געפונען!

מיט אַ שבועה אויף די ליפּן,
„ניט פאַרגעסן, ניט פאַרגעבן",
האָבן זיי די יונגע לעבנס
אין קאַמף פאַר פרייהייט אָפּגעגעבן!
און הייליק האָבן זיי די שבועה
מיט בלוט אויף אייביק דאָן פאַרשריבן,
און הייליק שוין, פאַר דור און דורות,
איז די שבועה אונדז פאַרבליבן!

איז היינט, אין טאָג פון צער און טרויער,
ווער אין שטוב אַ ליכטל צינדט,
און ווער אַן אייגן קינד דערמאָנט
מיט אַ זיפץ, און מיט אַ טרער,
לאָמיר אַלע היינט צוזאַמען
הייליק זיך די שבועה געבן!
און די שבועה הייליק האַלטן,
„ניט פאַרגעסן, ניט פאַרגעבן!"

1960

# צעבליט האָט זיך אין גאַס אַ גאָרטן

צעבליט האָט זיך אין גאַס אַ גאָרטן,
ניט ווייט פון בלויען האָדסאָן־ראַנד!
דאָרט וואו ס'וואוינען איצט אין שכנות
רייך און אָרעם, וואַנט צו וואַנט!
און דאָרטן, צווישן מויערן־רייזן,
איינגעקלעמט, און ווי פאַרצוימט,
זיינען הייזער אַלטע, קרומע,
מיט קליינע קינדערלעך באַזוימט!

קינדערלעך, ווי צאַרטע בלומען,
פאַרפלאַנצטע דאָ פון לענדער־ווייט,
האָבן זיך צעבליט, צעוואַקסן,
ניט ווי רויזן אויף דער בייט!
חנ'עוודיק, און שיין־קאָליריק,
ווי די פעלד־בלום, צאַרט און קליין,
בליט און וואַקסט אין גאַס אַ בלימל,
פול מיט שיינקייט, פול מיט חן!

די זון פון שיינעם בלויען הימל
נעמט די קינדער דאָ אַרום,
יעדעס קינד זי קושט און צערטלט,
ביז ס'צעבליט זיך ווי אַ בלום!
בליט און וואַקסט אין גאַס דער גאָרטן,
דאָרט, ניט ווייט פון האָדסאָן־ראַנד,
וואו עס וואוינען איצט אין שכנות
רייך און אָרעם, וואַנט צו וואַנט.

1959

# אונטער בלויע הימלען

(קינדער־לידער)






דאָס ערשטע ליד פון אַדעלע פרידמאַן, געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט״ אין 1955 און איז איבערגעדרוקט און אילוסטרירט געוואָרן אין דער ליטעראַרישער בײַלאַגע פון דער „פאָלקס־שטימע״ אין וואַרשע, פוילן.

# אַנדזשעלינאַ

שוואַרצע האָר אויף רונדן קעפּל,
מיט אַ שטייף־פאַרפלאָכטן צעפּל,
האָניק־ברוין די הויט,
דאָס פּנים
ווי פריש־געבאַקן ברויט.

דאָס איז מיין נייע שכנה.
זי איז קלוג און שיין ביז גאָר!
און אַלט איז אַנדזשעלינאַ,
שוין גאַנצע
פיר יאָר.

אַנדזשעלינאַ שפּרינגט און טאַנצט,
זי איז אַ פאַרביק־שיינער פלאַנץ,
פון באָדן זוניקן, פאַרביטן
אויף שטיין און בריק,
ס׳איז זיס און חנ׳עוודיק איר בליק.

אַזוי וואַקסט אַ בלימעלע אַ קליינס,
ווי ס׳וואַקסן בלימעלעך אַ סך,
איבערגעפלאַנצטע צווישן אונדז,
מיט פרעמדע זיטן,
פרעמדער שפּראַך.

פון אַלע בלימעלעך אַרום,
ביסטו, אַנדזשעלינאַ, די שענסטע בלום.
אַנדזשעלינאַ, איך האָב דיך ליב,
קליין מיידעלע,
פון דער שכנותדיקער שטוב!

1956

# ביים בלויען האָדסאָן

(די פּאָרטאָריקאַנער קינדערלעך — אַ מתנה)

ביים בלויען האָדסאָן, דאָ ניט ווייט,
וואוינט רייך און אָרעם, זייט ביי זייט,
וואו דער בלויער האָדסאָן פליסט,
צווישן ביימער און פעסלעך מיסט,
וואַקסן קינדער פול מיט חן
צווישן מויער, בריק און שטיין.

אין אַ זומער־טאָג אַ העלן
אויף די גאַסן, ביי די שוועלן,
אויסגעזעצטע אויף די טרעפּלעך,
ווי בלימעלעך אין בלומען־טעפּלעך,
יינגעלעך, מיידעלעך אַ סך
שפּילן זיך אויף פרעמדער שפּראַך.

מיט שפּאַס, געלעכטער אָן אַ שיעור,
פון פאַרשיידענעם קאָליר,
טאַנצן קינדער אין די גאַסן,
קינדערלעך פון אַלע ראַסן,
יונגע קערפּערלעך זיך וויגן
צום טאַקט פון קלינגענדיקן ניגון.

און די זון שיינט ליכטיק־העל
אויף קינדער, ווייסע, ברוין און געל,
ווי די בלומען פול מיט חן
זיי טאַנצן צווישן בריק און שטיין,
וואו דער בלויער האָדסאָן רוט
ביי די ברעגן פון דער וואונדער־שטאָט.

# קליידעלעך און שיכעלעך

פאַראַנען קליינע קינדערלעך
וואָס מיינען, קליידעלעך און שיך,
וואַקסן ווי די בוימעלעך
אין קראָם, אַליין פון זיך.

וויל איך אין אַ מעשהלע
פאַר די קינדערלעך באַווייזן,
אַז שיכעלעך און קליידעלעך,
מאַכט נאָדל, שער און אייזן.

נאָר פריער קומט ס׳מאַשינדעלע!
זינגט עס זיך, און זינגט,
די שטעכעלעך אין טויזנטער
דאָס נאָדעלע פאַרשלינגט!

ביי דער זייט, דאָס שערעלע,
די שפּיצן שטאָליק, שאַרף,
שניידט עס צו אַ קעשענקע,
שפּילט עס ווי אַ האַרף!

איצטער קומט דאָס אייזנדל,
אויף ברעטל, שטייף און האַרט,
עס גליטשט זיך איבער קליידעלע,
גלעט עס ווייך און צאַרט.

אויסגעגלעט און אויסגעפּרעסט,
וואַרט ס׳שערל ביי דער זייט,
עס שניידט אַרום די צוויטעלעך
און ס׳קליידעלע איז גרייט!

און ווער דאָרט מאַכט די שיכעלעך ?
די פּאַנטאָפעלעך ווער מאַכט ?
צום לויפן, און צום יאָגן זיך,
צו טראָגן זיי ביינאַכט ?

אַ שוסטער מיטן האַמערל
קלאַפּט שטיפטן ריי נאָך ריי,
ווערן שיכעלעך, פּאַנטאָפעלער,
פּאַרטיק איינס און צוויי !

איצטער ווייסן קינדערלעך,
איצט ווייסן זיי גענוי
ווער ס'מאַכט שיך און קליידעלעך,
ווער ס'מאַכט זיי, ווי אַזוי.

1958

# דאָס ווינטעלע לערנט פונעם טייבעלע

עס איז קלאָר פאַר אַלעמען,
ווי איינס און איינס איז צוויי,
אַז לערנען, ליבע קינדערלעך,
איז אַלע מאָל כדאי.

נאָר וואָס האָט עס מיטן טייבעלע
דעם ווייסינקן צו טאָן ?
אָט וועט איר זען, ליבינקע,
באַלד הייבט זיך די מעשה אָן !

געפלויגן איז אַ טייבעלע
איבער ווייטע וועגן,
איז אַ ווינטעלע, אַ שטיפערל,
געקומען איר אַנטקעגן.

ווילסט, פרעגט דאָס ווינטעלע,
אין פליען זיך פאַרמעסטן,
ווען איך וויל צעיאָג איך זיך,
ציטערן אַלע נעסטן.

בייגן זיך די ביומעלעך,
בלימעלעך און פלאַנצן,
וויל איך נאָר, שיין טייבעלע,
צעשטער איך זיי אינגאַנצן !

וואונדערט זיך דאָס טייבעלע :
וואָס ווילסטו דאָ באַווייזן ?
אַז עס שרעקן זיך די ביומעלעך
פאַר אַ ווינטעלע אַ בייזן ?

דו מוזסט ניט, ווינטל קליינינקער,
שטורעמען און רייסן,
דאַרפסט נאָר קילן גרעזעלעך
אין אַ זומער־טאָג אַ הייסן.

דאַרפסט פליען איבער צווייגעלעך
מיט בלעטעלעך זיך שפּילן,
און בלאָזן איבער נעסטעלעך
מיט אַ פעכערל אַ קילן!

שלאָפן וועלן רואיק דאָן
די פייגעלעך אין נעסטן,
פאַרוויגטע און באַשיצטע
פונעם ווינטעלע דעם בעסטן.

געלערנט האָט דאָס ווינטעלע
פון טייבעלע דעם ווייסן,
צו קילן מידע גרעזעלעך
אין אַ זומער־טאָג אַ הייסן.

צו פליען איבער צווייגעלעך,
מיט בלעטער זיך צו שפּילן,
און בלאָזן איבער נעסטעלעך
מיט אַ פעכערל אַ קילן.

איצט זעט איר, קינדער טייערע,
אַז לערנען איז כדאי,
דאָס איז קלאָר פאַר אַלעמען,
ווי איינס און איינס איז צוויי.

## דער צאַפּלדיקער האָז

געקומען איז אַ העזעלע
צום פֿויגל מיט געבעט,
מיטן פֿויגל מיטן מוטיקן,
האָט העזל זיך צערעדט:
„מער וועל איך קיין העזעלע
קיין צאַפּלדיקס ניט זיין!
כ'וויל מער ניט זיין קיין האָז,
ביי יעדן בלאָז פֿון ווינטעלע
באַהאַלטן זיך אין גראָז!

אַ פֿויגל פֿרייער, מוטיקער,
זיין וויל איך אַצינד!
פֿליען צו די שטערנדלעך
און קעמפֿן מיטן ווינט.
אַ פֿויגל פֿרייער, מוטיקער,
אָן מורא, און אָן שרעק,
פֿליען וויל איך, פֿליען,
וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק!"

הערט דער פֿויגל ס'העזעלע
און שטיל אַזוי צעלאַכט זיך:
„אַז יעדער פֿויגל מוטיק איז,
דיר, העזעלע, נאָר דאַכט זיך.
פֿאַראַנען פֿייגל שרעקיקע,
פֿיל שרעקיקער ווי האָזן.
צעבלאָזט זיך וואו אַ ווינטעלע
פֿאַרפֿליען זיי אין גראָזן.

װילסטו, העזל, מוטיק זײַן,
איז דײַן נאָמען גאָר קײן שטער,
מעגסטו דיר זײַן אַ העזעלע,
אַ הירש, און גאָר אַ בער,
מעגסטו דיר זײַן אַ העזעלע
חנ׳עװדיק און קלײַן,
ניט־שרעקיק און קורץ־עקיק,
װי אַ העזעלע דאַרף זײַן".



## פאַרחלומט, פאַרטרוימט

זיצט אַ וועוריק אויפֿן בוים
און שפּינט אַ וואונדערלעכן טרוים!
חלומט פֿון אַ וועלט אָן זאָרגן
אין אַ קאַלטן ווינטער־מאָרגן!

אַ זומער־לאַנג האָט ער די ניסלעך
געשיילט מיט זיינע פֿלינקע פֿיסלעך,
די זיסע ניסעלעך געגעסן
און פֿאַרן ווינטער, פֿאַרן קאַלטן,
צו שפּאָרן זיי פֿאַרגעסן!

וועמען זאָל ער איצט דאָ פֿרעגן?
באַלד וועט קומען ווינט און רעגן,
באַלד פֿאַלט אויס אַ ווייסער שניי,
אָך און ווי, אָך און ווי!

לויפֿט דער וועוריק, פֿייל פֿון בויגן,
זוכט מיט זיינע העזל־אויגן,
יאָגט זיך, טראָגט זיך איבער וועגן
ביז ס׳קומט דער זומער אים אַנטקעגן.

זומער, זאָגט ער, זומער ליבער,
ס׳קומען טעג שוין קאַלטע, טריבע,
בלייב מיט אונדז נאָך דאָ צוביסלעך,
קלייב איך מיר געשמאַקע ניסלעך!

שטייט דער זומער, טראַכט און טראַכט,
באַשליסט צו בלייבן ביז בייננאַכט,
ביז בייננאַכט וועט ער פֿאַרבלייבן
און זאָל דער וועוורקע ניסלעך קלייבן!

לויפֿט דער וועוורקע, ניסלעך זוכט,
פֿון יעדן ניסעלע פֿאַרזוכט,
שיילט זיי מיט די פֿלינקע פֿיסלעך
און עסט זיי אויף, אַזוי צוביסלעך!

פֿאַרשוואונדן איז דער זומער ליבער,
געקומען איז אַ טאָג אַ טריבער,
און ס׳איז ניטאָ קיין ניסלעך מער,
כאַטש זוך אַהין, און זוך אַהער!

זיצט דער וועוורקע אויפֿן בוים,
זיצט פֿאַרחלומט און פֿאַרטרוימט,
זיפֿצט ער, זיפֿצט ער, אַך און ווײ,
און פֿון הימל פֿאַלט אַ שניי.

1962

# דער זיידע דערציילט

— אַמאָל, אַמאָל,
נאָך צוריק מיט יאָרן,
געשפּאַנט האָב איך פערדעלעך
די ווייסינקע אין פאָרן.

אַזוי הייבט דער זיידעניו
זיין מעשהלע איצט אָן,
פון די אַלטע צייטן,
ווען געשפּאַנט האָט ער אַ פערדעלע
פאַר אַ וועג אַ ווייטן.
אין ווייטן וועג געלאָזט זיך
איבער באַרג און טאָל,
אַזוי דערציילט דער זיידעניו
די מעשה פון אַמאָל.

הערן קינדער ס'מעשהלע
מיט וואונדער אין די אויגן.
אַ מעשה, טראַכטן זיי,
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

— זיידעניו, אָ, זיידע, —
לאַכן זיי און טומלען.
— ווי דער פייל פון בויגן
היינט פליט מען צו די הימלען!
ווער פאָרט עס גאָר מיט פערדעלעך
אין די ווייטע וועגן?
און ס'פאַלן פראַגן,
פראַגעלעך,
ווי דער זומער־רעגן.

שמייכלט ער, דער זיידעניו,
אין דער באָרד אַריין דער גרויער,
אין די אויגן חכמה,
פרייד געמישט מיט טרויער.
אַרום אים אַ טומל,
אַ קינדעריש געלעכטער,
אין דער מיט דער זיידעניו,
אַ שטילער, אַ פאַרטראַכטער.

1962



# יאָג זיך, ווינטל!

(די קינדער אין ליטל-ראַק)

יאָג זיך ווינטל, טראָג זיך ווינטל,
בערג און טאָלן פלי פאַרביי,
און צעטראָג דאָס ליד דאָס נייע,
פריש איז ס'ליד איצט, פריידיק־ניי!

ס'קלאַפּט דער ווינט אין פענצטער־שויבן,
קאַלט און בייז איז איצט דער ווינט!
נאָר דו שיין ווינטל, ווינטל ליבער,
זינג אַן אַנדער ליד אַצינד.

זינג אַ לויב פאַר קינדער יונגע,
יונגע קינדער, שוואַרץ און ברוין.
ניט מיט ביקס, און ניט מיט שווערד,
האָבן זיי פאַרפולט אַ טרוים!

ניט מיט זיפצן, ניט מיט טרערן,
נאָר מיט ביכער אין די הענט,
האָבן קינדער, שטאָלץ און מוטיק,
איינגעבראָכן צוימען־ווענט.

מיט די יונגע הענט צעשטערט
אַלע צוימען פון אַמאָל,
און די טירן ברייט צעעפנט
פאַר ברוינע קינדער איצט אין שול!

פלי זיך ווינטל, ווינטל ליבער,
זינג אוים דאָס פריידיקע געזאַנג,
צו די ווייטע באַוול־פעלדער
מיט דיין וואונדער־ליד דערלאַנג!

ערגעץ דאָרט, אין פעלד דעם ווייטן
ברוינער דזשאַני באַוול רייסט,
ווען ער ס'נייע ליד דערהערן,
זיין וועט עס פאַר אים אַ טרייסט.

בענטשן וועט דיך ברוינער דזשאַני,
גריסן ווינטל דיך פון ווייט,
און אין זיינע מידע אויגן
אויפגיין וועט אַ שטילע פרייד.

יאָג זיך, טראָג זיך, ווינטל ליבער,
איבער גאָרער וועלט פאַרזיי
איצט דאָס וואונדער־ליד דאָס נייע,
פריש איז דאָס ליד איצט, פריידיק־ניי!

1958

## דזשאַני

זיבן ייִנגלעך פּוצן שיך צו קויפן פאַר זייער חבר
אַ הילצערנעם פוס (פון די צייטונגען)

קליינער דזשאַני, קליינער דזשאַני,
עס טוט דיין הערצעלע דיר וויי!
מיט קינדערלעך דו ווילסט זיך שפּילן
און שליטלען זיך אין ווייסן שניי.

נאָר זינט דו האָסט דיין פוס פאַרלוירן
קאָנסטו, ייִנגעלע, ניט לויפן,
און דיין טאַטע האָט קיין געלט ניט
אַ נייַ פיסל דיר צו קויפן.

זיצסטו, דזשאַני, קוקסט דורך שויבן,
אויגן אומעטיק, פאַרטראַכט.
איבער דיר, אַ שטאָט אַ רייכע,
מיט מיליאָנען מענטשן אַכט.

אין דער הויך דאָרט פליען טויבן
איבער שטאָט פון רויש און טומל.
קאָנט איר, טייבעלעך, מיר ברענגען
אַ נייעם פוס פון גרויען הימל?

זאָרג ניט דזשאַני, ייִנגל קליינער,
דו וועסט נאָך שפּילן זיך און לויפן!
פאַר פאַרדינטע דאַימס און ניקלס
וועסטו דיר אַ פיסל קויפן.

אין רייכע גאַסן, ביי די ראָגן,
זיבן קליינע יינגלעך זיצן,
זיי ווען פאַר דיר, קליינער דזשאַני,
אַכט מיליאָנען שיך אויספּוצן.

זיצן יינגעלעך און בעטן
עס זאָל רעגענען און שנייען,
זיי זאָלן האָבן שיך צו פּוצן
ניט פאַר איינעם, נאָר פאַר דרייען.

פליען טויבן ווייסע, פליען,
אַרויף צום הימל, צו די שטערן,
ביי דעם פענצטער זיצט זיך דזשאַני
און ווישט פון אויגן הייסע טרערן.

1959

## קינדער שפּאַנען

(די נעגער־קינדער אין בוירמינגהעם, אַלאַבאַמאַ)

קינדער שפּאַנען . . .
שפּאַנען . . . שפּאַנען . . .
פאַר וועלכע זינד,
פאַר וועלכע זינד,
שפּאַנט אין ריי
דאָס נעגער־קינד ?

אַ קינד מיט שוואַרץ און ברוינער הויט
שוין ווייסט דעם טעם
פון שוויים אין ברויט ;
שוין ווייסט דעם טייטש
פון שאַנד און שפּאָט,
ווען היטן מוז ער יעדן טראָט.

און שטוינען, שטוינען
מעג די וועלט.
מיט טאַטע־מאַמען אין איין ריי,
האָבן קינדער
זיך געשטעלט.
פאַרגעסן איז היינט שפּאַס און שפּיל,
עס שרעקט ניט תּפיסה, ווילד געביל
פון בייזע אָנגערייצטע הינט,
מיט טאַטע־מאַמען, האַנט אין האַנט,
בראַוו און מוטיק
שפּאַנט דאָס קינד.

קעגן שפּאָט, און קעגן שאַנד,
פֿאַרן שטאָליץ פֿון אייגן לאַנד,
אויגן ליכטיק,
העל־צעשיינט,
שפּאַנען נעגער־קינדער
היינט!

1963



# גיי, מיין קינד!

(צו דער סקול־אינטעגראַציע אין ניו־אָרלינס)

גיי, מיין קינד, היינט, גיי אָן מורא,
מיט העפט און ביכעלע אין האַנט.
מען זאָגט,
שוין קומען נייע ציימן,
מיט פרישע ווינטן אינעם לאַנד.
פרישע ווינטעלעך שוין בלאָזן
פאַר קינדער קליינע,
ברוין און שוואַרץ.
פאַרוואָס דען טרערן מיינע אויגן
און ס׳ציטערט היינט אַ מאַמעס האַרץ?

עס האָט דיין מאַמע היינט פאַרפוצט דיך
אין אַ קליידל, ווייס און שטייף.
די האָר אין צעפּעלעך
פאַרפלאָכטן,
פאַרבונדן מיט אַ ווייסן שלייף.
דאָך פאַלן וועלן בליקן, קינד מיינס,
בליקן בייזע,
שאַרפע שפּיזן,
אויף דיר, מיין מיידעלע מיין שיינס,
שטרענג באַוואַכט פון פערציק ריזן.

פערציק היטער ווי די ריזן,
וועלן היינט דיר קינד באַגלייטן.
די שוועסטער
און די ברידער דיינע,
בענטשן וועלן דיך פון ווייטן.
גיי, מיין קינד, היינט, גיי אָן מורא,
און זאָל זיין מזלדיק די שעה.
צעעפן ברייט פון שול די טירן
פאַר שוואַרצע קינדערלעך
ווי דו!

1960

## דער ערשטער טאָג אין שול

וואָס איז עס פאַר אַ טאָג אַזאַ
מיט יום־טובדיקער פרייד ?
עס האָט דער טאָג דער היינטיקער
גאָר אַ גרויס באַדייט.
פּאַר קינדערלעך, די קלײנינקע,
מיט הונדערט טויזנט חנ'ען,
וואָס איילן היינט אין שול אַריין
דאָרט לערנען שרייבן, לייענען.

היינט שטייען מאַמעס פריידיקע
איבער בעטעלעך געבויגן,
און וועקן זייערע קינדערלעך
מיט ליבשאַפט אין די אויגן.
אַ זומער־לאַנג געוואוינט געווען
צו שפּילן זיך, צו שטיפן,
דעם ערשטן טאָג אין שול צו גיין
זיי קאָנען נאָך פאַרשלאָפן !

עס וואַרטן שוין די שיכעלעך,
די צונויפגעשטייפטע קליידעלעך,
און סטענגעלעך קאָליריקע
פאַר די חנ'עוודיקע מיידעלעך.
די מאַמע פלעכט די סטענגעלעך
אַריין אין שטיפע צעפּעלעך,
און באַדעקט מיט קושן איצט
די שיינע רונדע קעפּעלעך.

אָנגעטאָן אין היטעלעך,
אין גייע שיינע מאַנטעלעך,
איילן קינדערלעך אין שול אַריין
מיט העפטן אין די הענטעלעך!
און אויב זיי זיינען קלוגינקע
היינט וועלן זיי באַווייזן,
צו שרייבן און צו לייענען
דעם אלף־בית אָן גרייזן.

1960

# דאָס וואונדער־בייטעלע

זיצט אַ העזעלע און קלערט:
זיצט אַ העזעלע און טראַכט:
ווי אַזוי האָט מאַמע־קאַנגורו
זיך איר בייטעלע געמאַכט?
ווי אַזוי געשניטן עס,
ווי אַזוי גענייט,
און אפשר גאָר מיט קערנדלעך
גאָר פרישינקע פאַרזייט?

און אויב מען קריגט עס דאָרטן
אין אַ קרעמל וואו צו קויפן,
פלינקער פון אַ הירשעלע
צום קרעמל וועל איך לויפן!
לויפט מאַמע־העזל, לויפט
אַ הונדערט מייל אַ שעה!
ווער קומט איר דאָרט אַנטקעגן?
די מאַמע־קאַנגורו!

קאַנגורו, דו שיינע קאַנגורו,
זאָגט מאַמע־העזעלע צו איר!
דיין בייטעלע געפעלט מיר אָן אַ שיעור!
ס'איז דאָך אַ בייטעלע, אַ וואונדער!
דו טראָגסט אין איר די פיצלעך קינדער,
כ'וויל אויך אַזאַ בייטעלע פאַרמאָגן
און אין איר מיינע העזעלעך
שטענדיק מיט זיך טראָגן.

ציינג מיר, מאַמע טייערע,
ווי אַזוי צו שניידן,
סטריגעווען און נייען,
אָדער גאָר אויף זיך
מיט פרישע קערנדלעך פאַרזייען!
וואָס זאָגט איר קינדערלעך דערצו?
עס לאַכט נאָך היינט די מאַמע־קאָנגורו!

ניט מען קאָן עס שניידן, סטריגעווען און נייען,
און ניט אויף זיך
מיט קערנדלעך פאַרזייען!
און ווי עס שטייט דאָרט וואו
אינעם ביכעלע פאַרשריבן,
איז די מאַמע־העזל
אָן דעם בייטעלע
פאַרבליבן.

1958

## רויטע עפּעלעך

אַז ס׳וואַקסן רויטע עפּעלעך
אין ווייטע גרינע סעדער,
אין דעם איז זיכער
יעדער.
נאָר אַ סוד איז עס פאַר קינדערלעך
פון דער גרויסער שטאָט,
וואו פרעמד איז זיי דאָס בוימעלע
אין שיינעם גרינעם סאָד.
פרעמד דאָס גרינע גרעזעלע
אין די פעלדער ווייטע,
און ס׳קומען צו זיי עפּעלעך
שוין פרישינקע און גרייטע.

האָב איך פאַר זיי אַ מעשהלע
אַ קורצינקע פאַרטראַכט,
וואָס דערקלערן וועט אויף גיך,
אַז ס׳ווערט זיך ניט אַן עפּעלע
אַזוי זיך, איבערנאַכט.
אויך וואַקסט עס ניט אין קערבעלע
גאָר אַליין פון זיך.

אָ, ווען ס׳עפּעלע קאָן ריידן,
דאָס מעשהלע דערציילן:
געווען וואָלט עס אַ מעשהלע
אַ ראָמאַן אין פיר טיילן.
דערציילט וואָלט עס די וואונדער
פון אַ שיינעם זומער לאַנגן,
ביז רייפע ווערן עפּעלעך
צום טיש שוין צו דערלאַנגען.

איז קלאָר שוין איצט פֿאַר אַלעמען,
וואָס קלאָרער קאָן ניט זיין,
אַז עס וואַקסן ניט די עפּעלעך
אַרויס פֿון זיך אַליין.
אויך ווייסן קינדער שטאָטישע
ווי ס'ווייסט פֿון לאַנג שוין יעדער,
אַז ס'קומען רויטע עפּעלעך
פֿון די גרינע סעדער.

1963

# נייע צייטן

וואו וועל איך אַזאַ מיידעלע,
אַזאַ ייִנגעלע געפינען,
פון צייטן לאַנג־פאַרגעסענע
פאַר זיי אַ מעשהלע צו שפּינען?
פון צייטן לאַנג־פאַרגאַנגענע,
ווען שרייבן פלעגט נאָך יעדער,
ניט מיט טינט און פאונטען־פּען,
נאָר מיט אַ גענדזן־פעדער.

פון צייטן לאַנג־פאַרגעסענע
וואָלט איך וועלן זיי דערציילן,
פון די העלדן, אָנגעקומענע
אַהער, פאַר מייל און מיילן,
ס'איז אַ מעשהלע פון העלדנמוט,
אַ מעשהלע פון טרוימער,
דאָ פון ווייט געקומענע
צו פלאַנצן יונגעביימער!

פאַרפלאַנצט די יונגע בוימעלעך
אויף אָרט פון ווילדע דערנער,
די האַרטע ערד, צעאַקערטע,
פאַרזייט מיט פרישע קערנער,
און צעבליט זיך האָבן בוימעלעך,
די מיט ליבשאַפט אָפּגעהיטע,
ס'זאָלן וואַקסן קליינע קינדערלעך
ווי די שיינע בלומעלעך
אין אַ גאָרטן אַ צעבליטן!

נאָר וואו איז איצט אַ יינגעלע,
וואָס וויל די מעשה הערן,
ווען ס'טרוימען שוין די קינדער היינט
צו פליען צו די שטערן?
און קינדערלעך, גאָר קליינינקע,
בעטן זיך און מאָנען,
לאָזט אונדז, לאָזט אונדז, פליען מיר,
צו דער זילבערנער לבנה!

און פליען, פליען וועלן זיי
צום הימל, צו די שטערן,
און די וואונדער פון די הימלען דאָרט
וועט זיין וואונדערלעך צו הערן!
דערווייל זוך איך די קינדערלעך,
וואו וועל איך זיי געפינען?
פון ציטן לאַנג־פאַרגעסענע
מיין מעשהלע צו שפינען!

1959



# דער אַלטער זיידעניו

זיצט דער אַלטער זיידעניו,
קנייטשט, און קנייטשט דעם שטערן —
וואָס דערציילט מען פאַר די קינדערלעך
וואָס ווילן מעשיות הערן?
ווי שווער עס איז אַ מעשה היינט
פאַר קינדער צו פאַרטראַכטן.
גאָר אַנדערש, אַנדערש איז דער היינט,
גאָר אַנדערש פונעם נעכטן.

די אַלטע שיינע מעשהלעך
פון לעמעלעך און ציגן,
עס ווילן זיי ניט הערן מער
די קינדער אין די וויגן!
אַזוי־אָ טראַכט דער זיידעניו,
וואָס זאָל ער דאָך דערציילן?
אפשר פון זיין יוגנט איצט
זיין אייגענער דערציילן?

און עס הייבט דער אַלטינקער
זכרונות אָן צו שפּינען,
די יוגנט, לאַנג־פאַרגאַנגענע,
איצט הייבט ער אָן דערמאָנען.
עס שווימען אויף פאַרגעסענע
אַלטע פרייהייטס־לידער,
און ס׳דערזעט דער זיידעניו
אין דער אַלטער היים זיך ווידער.

באַלד פאַרציט דער אַלטינקער
אַ וואונדערלעכן ניגון.
ער זינגט פון זיינע יוגנט־טרוימען,
פון קאַמפן און פון זיגן.
מיט דער יוגנט, לאַנג־פאַרגאַנגענער
איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען.
זאָלן נאָר די קליינינקע
פאַרשטיין עס, און באַנעמען.

אוים מיט אַלטע מעשהלעך,
אוים שוין מיט די לידער,
פאַלט דער אַלטער זיידעניו
אין שטול אַריין אַ מידער.
די קינדער זיצן שטילינקע
גרייט מעשהלעך צו הערן,
און ווידער זיצט דער זיידעניו,
קנייטשט און קנייטשט דעם שטערן.

1962

## גרעזעלעך און קערנדלעך

גערערט האָב איך אַ מעשהלע
און שיין איז עס צו הערן,
ווי גרעזעלעך און קערנדלעך
מערן זיך און מערן,
ווי עס גיבן זיך די הענט אַצינד
די ליבע פריינט געטרייע,
די קערנער פריש־פאַרזייטע
מיט די גרעזעלעך די נייע.

צוזאַמען איצטער קומען זיי,
און צוזאַמען אויך פאַרגייען,
ווי נאָר ווינטן האַרבסטיקע
הייבן־אָן צו ווייען.
און טרעפט אַמאָל אַ ווינטל
צעבייזערט זיך, צעהוליעט,
דערשרעקט זיך ס׳יונגע גרעזל
און צום קערנדל זיך טוליעט.

אָט אַזוי־אָ וואַקסן זיי
געצערטלטע, געטוליעטע,
געוואַרעמטע, באַשיצטע
פון ווינטן בייז־צעהוליעטע,
די גרעזעלעך און קערנדלעך,
אַ שיינעם זומער לאַנגן,
ציען זיך און הייבן זיך,
די הימלען צו דערלאַנגען!

גרעזעלעך און קערנדלעך,
יונגינקע, פּאַרזייטע,
שיקן צו אונדז גרוסן היינט
פון די פעלדער ווייטע!
צוזאַמען איצט, צוזאַמען,
אונטער הימלען בלויע,
ביז די טעג די האַרבסטיקע,
אומעטיקע, גרויע.

## דאָס ווייסע שניידערל

ווער יאָגט פון ווייטן דאָ אַהער
מיט אַ נאָדל, מיט אַ שער,
אין אַ שליטנדל פון שניי
געשפּאַנט אין ווייסע פערדלעך צוויי?

מיט ווייסער באָרד און רויטער נאָז,
אין האַנט ער האַלט אַ לאַנגע מאָס,
שניידן, נייען איז ער גרייט
פאַר די ביימער ס׳ווינטער־קלייד.

פון אַלע שניידערלעך, דער בעסטער,
מיט דער מאָס די ביימער מעסט ער,
פאַלט־אויס אַ פוכקער שניי
גייט די אַרבעט איינס און צוויי!

אַ שטאָך אַריין, אַ שטאָך אַרויס,
ווייסע קליידער נייט ער אויס.
מיט בריליאַנטן אָן אַ שיעור,
פון דעם פּרעכטיקסטן קאָליר!

פונעם העלדזל, ביז דעם זוים,
איז יעדעס קליידעלע — אַ טרוים!
יעדעס קליידעלע — אַ פּראַכט,
פון ווייסן שניידערל פאַרטראַכט.

זיין שיינע אַרבעט אָפּגעטאָן,
טרייבט ס׳שניידערל די פערדלעך אָן,
מיט זיין טייערן פאַרמעג
פאָרט ער אָפּ אין ווייטן וועג.

מיט ווייסער באָרד און רויטער נאָז,
מיט נאָדל, שער און לאַנגער מאָס,
אין זיין שליטנדל פון שניי
געשפּאַנט אין ווייסע פערדלעך צוויי.

1962

## צוויי קערנדלעך

אין פעלדער אין ווייסע
פאַרשאָטן מיט שניי,
דרעמלען זיך רואיק איצט
קערנדלעך צוויי,
אין וויגעלע ווייסן
פון קעלט אומגעשטערט,
געוואַרעמט, געשיצט,
פון דער גוטינקער ערד,
זי צערטלט, און טוליעט
די קערנדלעך צוויי,
וויגט זיי, און וויגט זיי,
ליולינקי, ביי!

קערנדלעך קליינינקע,
יונגינקע צוויי!
שלאָפט רואיק אין וויגעלע
ווייסן פון שניי!
עס וועלן נאָך ווינטעלעך
בייזינקע הוליען,
וועל איך אייך, קינדערלעך,
וואַרעמען, טוליען.
ס'וועט קומען פון ווייטן
דער גרינינקער פרילינג
און וועקן פון שלאָף אייך
מיין שיינינקער צווילינג!

צעגיין וועט פון זוניקע
שטראַלן דער שניי,
וועט איר אַרויס דאַן
יונג־פרילינגדיק, פריי,
דאַן בליען און וואַקסן,
באַשיינען דאָס פעלד,
מיט גאָלדענע זאַנגען
באַשפּייזן די וועלט.
אַ שטאָלץ און אַ פרייד
פאַר דער גוטינקער ערד,
וואָס שפּייזן די וועלט
איז אייך קערנער באַשערט!

עס ליגן נאָך פעלדער
פאַרוויסט און פאַרשניט,
צום פרילינג דעם גרינעם
איז ווייט נאָך און ווייט.
שלאָפט, קערנדלעך קליינינקע,
איר יונגינקע צווײ —
דרעמלט זיך רואיק דאָ,
ליולינקע, ביי!

## דער ווייסער קעניג

גלינג און גלאַנג, גלינג און גלאַנג,
מיט געקלינג און מיט געקלאַנג,
קומט אַ ווייסער גאַסט פון ווייטן
אין אַ שליטנדל פאַרשנייטן,
מיט ווייסער באָרד פון הונדערט איילן
דאָ דעם ווינטער צו פאַרווײלן.
העי, קינדער, שרייט ער אוים!
עס קומט דער קעניג, מעכטיק, גרוים,
מיט אויגן שפּיזן, שוואַרץ ווי קויל,
און ווייסע ברעמען ביז צום מויל!
געקומען פונעם ווייטן וועג,
געבראַכט אייך שניי אין פולע זעק!
מיט מיין ווייסן צויבער־שטעקן
וועל איך אַלץ מיט שניי פאַרדעקן!
געבראַכט אַ נעסטעלע מיט טויבן
צו באַצירן פענצטער־שויבן,
בלומען ווייסע אָן אַ צאָל,
מיט בריליאַנטן, מיט קרישטאָל!
און דער קעניג איז אַ גוטער,
ווייסן שניי פון זעקל שיט ער,
און פון נעסט די ווייסע טויבן
פליען, זעצן זיך אויף שויבן.
מיטן שטעקעלע אַ דריי,
פאַרשיט ער אַלץ מיט ווייסן שניי!
העי, קינדער, פריילעך, מונטער!
מיר האָבן נאָך אַ לאַנגן ווינטער.
עס וועט דער גאַסט מיט אונדז פאַרווײלן,
מיט זיין באָרד פון הונדערט איילן,
דער ווייסער קעניג, מעכטיק, גרוים,
ביז דער ווינטער לאָזט זיך אוים!

# אַ מאַמע

זומער־צייט, ווען נאַכט פאַלט־צו,
שלאָפט אַלץ איין אין שטילער רו,
דאַן פליט אַ ווינטעלע אַרוים,
אַ נעסט מיט טויבן זוכט וואו אוים
און וויגט עס: אַיי־ליו־ליו, ליולי־ליו.
שלאָף, טייבעלע, אין שטילער רו.

וואָס וויינסטו, טייבעלע, אַזוי?
שוין פאַלט אויף בלעטעלעך דער טוי.
און מאַמע־טויב איז אַלץ ניטאָ.
וואו איז מאַמע־טייבל, וואו?
ווער וועט וויגן דיך צו רו,
דיר זינגען: אַיי־ליו, ליולי־ליו?

ערגעץ וואו אין ווייטן רוים,
ווייט פון נעסטעלע, פון בוים,
זיך טראָגט אַן אָדלער, ווי אַ ווינט, —
אויף אים דאָרט וואַרט די טויב אַצינד.
זי גייט מיט אָדלער אין פאַרמעסט,
ניט דערלאָזן אים צום נעסט.

עס איז דער אָדלער דורשטיק, בייז,
מיט אַ האַרץ, וואָס קאַלט ווי אייז,
זוכער איז ער מיט זיין רויב
קעגן ווייסער מאַמע־טויב.
אייביק גרייט פאַר קאַמף און קריג,
אייביק זוכער מיט זיין זיג!

אונ ווען די נאַכט פאַלט ווידער צו
און מאַמע־טויב איז מער ניטאָ,
דאַן וויין ניט, טייבעלע, ניט וויין;
געווען אַזוי, און אַזוי וועט זיין!
עס וועט מיט ליבע און מיט מוט
אַ מאַמע קעמפן ביזן בלוט.

זאָלסט רואיק שלאָפן דאָרטן קינד,
אין דיין נעסטעלע אַצינד.
עס וועט דאָס ווינטעלע דיך וויגן,
מיט אַ לידעלע פאַרוויגן.
שלאָף, מיין טייבעלע, אין רו,
אַי־ליו, ליוליו, ליוליו־ליו.

## דער וואונדער־וועג

ביים ברעג פון גרינעם טייכעלע
אַ יינגעלע זיך שטייט,
מיט פאַרבענקטע אייגעלעך
ער קוקט אין ווייטער ווייט.

ער זעט, עס פליסט דאָס טייכעלע
און שווימט זיך ווייט אַוועק,
ציט זיך צו דעם וואונדער־לאַנד,
וואָס ליגט ביים ווייטן ברעג.

דורך דעם בייזן ים דעם רוישיקן
און כוואַליעס ריזיק־גרויס,
דערזעט ער וואו אַ טייכעלע,
אָט ווערט דאָס טייכל אויס . . .

ס'איז דער ים אַ ריזיקער,
איז דאָס טייכל קליין;
מיט דעם מויל דעם שרעקיקן
שלינגט ער ס'טייכל איין.

רוישט דער ים און בייזערט זיך,
ס'פייפט דער שטורעמווינט;
וויל ער נאָר, צעשפילט ער זיך
און גלעט דיך ווי אַ קינד.

הערט און הערט דאָס יינגעלע,
טרוימט פון וואַנדער־וועג:
אַט שווימט ער שוין מיט פישעלע
אַהין צום ווייטן ברעג.

שוין איז דאָס גאָלדן פישעלע
אַוועק אין ווייטער ווייט,
און דאָס קליינע יינגעלע
ביים גרינעם טייכל שטייט.

# פלאַטערט פאָנען, פלאַטערט!

(צום יום־טוב פון 4־טן יולי)

וואָס איז עס פאַר אַ יום־טוב היינט
מיט פלאַטערדיקע פענער?
אַ יום־טוב אַזאַ פריידיקער,
פון יום־טובים אַלע שענער?
ס'איז אַ יום־טוב גאָר אַ טייערער
און איז אַלעמען באַקאַנט,
דער פרייהייטס יום־טוב היינטיקער,
דער שטאָלץ פון אונדזער לאַנד!

שיין איז היינט דער יום־טוב־טאָג,
און ס'איז יום־טובדיק די פאָן!
אַ פריידיקע היינט פלאַטערט זי,
באַגילדט פון העלער זון!
און אַ מעשהלע דערציילט זי אונדז
פון וויכטיקן באַדייט!
פון פרייהייט און פון גלייכהייט
וואָס קומט נאָך לאַנגן שטרייט!

שיין פלאַטערט היינט די יום־טוב־פאָן,
מיט אירע צוויי־און־פופציק שטערן,
און פון יום־טוב־טאָג דעם היינטיקן
איז וואונדערלעך צו הערן!
און האָט ווער דאָ פאַרגעסן אים
איצט טוען אים דערמאָנען,
אין יעדער גאַס און געסעלע
די פלאַטערדיקע פאָנען!

פלאַטערט, פלאַטערט פאָנען היינט,
פון גאַניקלעך, פון פענצטער.
דערמאָנט, דערמאָנט היינט אַלעמען,
אַז ס'איז היינט דער יום־טוב־טאָג דער שענסטער!
אַז ס'איז אַ יום־טוב־טאָג אַ פריידיקער
פון וויכטיקן באַדייט,
דער שענסטער פרייהייט יום־טוב,
וואָס קומט נאָך לאַנגן שטרייט!

# ערשטע שנייעלעך

העי, קינדערלעך,
ייִנגעלעך, מיידעלעך,
לאָמיר באַגריסן די לאַנג שוין־דערוואַרטעטע,
ווייסינקע שנייעלעך.
ווי פֿערעלעך ווייסע
זיי פֿאַלן און פֿאַלן
אויף אייערע היטעלעך,
אייערע קליידעלעך.

אָ, זעט ווי זיי דרייען זיך,
זעט ווי זיי פֿרייען זיך,
נעמען אַרום זיך
און ווידער צעגייען זיך.
און ווערן זיי מידע
פֿון דרייען און טוליען זיך,
דאַרפֿט איר זיי זען,
ווי ו ו י ל ד זיי צעהוליען זיך!

נאָר זעט ווי עס קושן זיי
זוניקע שטראַלן.
מיד און פֿאַרשיכורט
איצט
פֿאַלן זיי,
פֿ אַ ל ן!
צו איינס,
און צו צוויי,
פֿויל,
און צוביסלעך,
זיי שפּינען אַ טעפּיך
פֿאַר קינדערשע פֿיסעלעך.

## צו אַ פאַרבענקט יינגעלע

יינגעלע, קליין יינגעלע,
מיט הימל־בלויע אויגן,
עס זיינען דיינע אייגעלעך
מיט בענקשאַפט איצט פאַרצויגן.

צי בענקסטו נאָך אַ פערדעלע
מיט ווייסע פליגלען צוויי ?
ווילסט פליען צו די הימלען הויך,
ווי אַן אָדלער פריי ?

ס'איז ערגעץ אַזאַ פערדעלע,
קליין יינגעלע, פאַראַן,
אַ פערדעלע אַ ווייסינקער
אין גאָלדענעם געשפּאַן.

וואַרט עס אויף אַ יינגעלע,
וואָס האָט בענקשאַפט אין זיין בליק,
און וואָס אויפן ווייסן פערדעלע
וויל זוכן פרייד און גליק.

אַ יינגעלע מיט אויגן בלוי,
וואָס בענקט נאָך פליגל צוויי,
צו פליען אויף אַ פערדעלע,
ווי אַן אָדלער פריי.

שטייט איינגעשפּאַנט דאָס פערדעלע
ביז שלאָגן וועט די שעה,
און קומען וועט אַ יינגעלע,
אַ יינגעלע, ווי דו.

1951

## אַן אָרים ייִנגעלע

זאָג מיר, טייבל ווייסינקע,
דו קומסט פון ווייטע וועגן,
זיינען קינדער אָרימע
פאַראַן ביי יענע ברעגן?

דאָרט האָט מיין טאַטע מיר,
מיין ליבינקער, דערציילט,
דאָרט ווערן אַלע שפּילעכלעך
אויף גלייך און גלייך געטיילט.

איינער איז ניט אָרים דאָרט
און דער צווייטער רייך.
און שוואַרצע, ווייסע קינדערלעך
דאָרט זיינען אַלע גלייך.

באַלד פלי איך מיט דיר, טייבעלע,
מיין ווייסינקע ווי שניי,
כ'וועל האָבן אויך אַ שליטנדל
און שפּילצייג אַלערליי.

אויך מיין טאַטע וועט דאָרט זיין
ווי אַלע טאַטעס — רייך,
און איך, אַן אָרים ייִנגעלע,
וועל זיין מיט קינדער גלייך.

פלי מיט מיר, ווייס טייבעלע,
איבער ווייטן אָקעאַן,
צו יענעם שיינעם לאַנד, אַהין
וואָס איז ערגעץ וואו פאַראַן.

# אַ שניידערל — אַ טרוימער

ווער קאָן אים ניט, דעם שניידערל,
דעם שניידערל, דעם טרוימער,
מיט דימענטלעך,
בריליאַנטעלעך,
באַפּוצט ער איצט
די ביימער!

שטענדיק אַ פאַרטרוימטער,
פאַרטראַכט איז ער, פאַרקלערט,
האַלט ס'נאָדעלע
פאַרדרייט,
דאָס שערעלע
פאַרקערט.

סוד'ען זיך די בוימעלעך,
שושקען זיך די ביימער,
ווי אַזוי דען
נייט ער,
דער שניידערל,
דער טרוימער?

אָט זיצט ער אַ פאַרטראַכטער,
און שוין גאָר אַ פאַרטרוימטער,
מיט די שענסטע
טרוימען
יעדעס קליידעלע
באַזוימט ער.
שטייען שוין די בוימעלעך
איצט יום־טובדיק באַקליידטע,
מיט דימענטלעך,
בריליאַנטעלעך,
באַפּוצטע
און באַנייטע.

בייגן זיך די בוימעלעך,
שושקען זיך די ביימער,
אַ מאָדנער, מאָדנער
שניידערל —
דער שניידערל,
דער טרוימער.

# אַ מעשה צו אַ מעשה איז ניט גלייך

וער האָט ניט ליב די ביכעלעך
מיט מעשיות אָן אַ שעור,
מיט פּען און טינט געשריבענע
אויף ווייסינקן פּאַפּיר?
נאָר אַ מעשה צו אַ מעשהלע
איז דאָך, קינעדרלעך, ניט גלייך!
ווי דאָס מעשהלע דאָס איצטיקע,
וואָס ס'דערציילט דער האָדסאָן טייך!

לאַנג שוין, לאַנג שוין פליסט ער דאָ,
און רעדט, דערציילט כסדר,
און פאַר די קלוגע מעשהלעך
ער דאַרף קיין טינט און פעדער.
שעה'ען ווילט איר זיצן דאָ
און מעשיות שיינע הערן,
וואָס ס'דערציילט דער האָדסאָן טייך
געמישט מיט פרייד און טרערן.

ס'געדענקט דער טייך נאָך דעם אַמאָל,
געדענקט נאָך יענע צייטן,
ווען ס'פלעגן רויט־אינדיאַנער דאָ
אויף ווילדע פערדלעך רייטן,
מיט פייל און בויגן יאָגן זיך
און פייערן צעצינדן,
און געדענקט נאָך ווער עס האָט
דאָס וואונדערלאַנד דערפונדן.

גערוען אַרום דעם האָדסאָן דאַן
אַ שטילקייט דאָ אַזאַ,
געהערט האָט זיך נאָר וואו ניט ווען
אַ ווילדער הו, הו, האַ!
און וואו ניט ווען געיאָגט האָט זיך
אויפן טייך דאָ אַ קאנו,
געלעבט האָט זיך אינדיאַנער פאָלק
אין פרידן און אין רו.

ווער דען קאָן די מעשהלעך
די שיינע איבערציילן,
וואָס עס וויל דער האָדסאָן טייך
פאַר די קינדערלעך דערציילן?
און דערציילן וועט ער אייך,
איר דאַרפט אים לאַנג ניט בעטן,
ווי אַזוי געבויט האָט זיך
די וואונדער־שטאָט מאַנהעטן.

ווער האָט ניט ליב די ביכעלעך
מיט מעשיות, קלוג און שיין,
צו דערציילן זיי פאַר קינדערלעך
ביינאַכט צום שלאָפן גיין?
נאָר אַ מעשה צו אַ מעשהלע
איז דאָך, קינדערלעך, ניט גלייך!
ווי ס׳איז דאָס שיינע מעשהלע
דערציילט פון האָדסאָן טייך.

## פסח־טעג, פרילינג־טעג

וואָס איז עס פאַר אַ שמחה היינט,
וואָס איז עס פאַר אַ פרייד ?
פאַר וועמען שטייען יום־טובדיק
די טישן היינט געגרייט ?
פאַר אַ גאַסט אַ טייערן,
וואָס קומט פון ווייטן וועג,
און ברענגט אונדז פריידיק־ליכטיקע
און יום־טובדיקע טעג.

און ס'ברענגט דער יום־טוב ליכטיקער
מתנות אָן אַ צאָל.
אַ מעשהלע דערציילט ער אונדז
פון וויט־ווייטן אַמאָל,
אַ מעשהלע אַ וואונדערלעכס
פאַר קליינע און פאַר גרויס,
און וואָס ס'באַדייט דער יום־טוב היינט
דאָס מעשהלע טייטשט אויס.

אונדז דערציילט דאָס מעשהלע
פון העלדישקייט און מוט,
ווי ס'האָט אַ פאָלק געקעמפט אַמאָל
פאַר פרייהייט ביזן בלוט,
ווי ס'האָט אַ מוטיק פאָלק אַמאָל
פון קנעכטשאַפט זיך באַפרייט,
היינט פייערט מען דעם יום־טוב־טאָג
ביי טישן שיין געגרייט.

װי װאונדערלעך עס איז פֿאַר אונדז
דאָס מעשהלע צו הערן.
באַשליסט בײַ זיך אַ ייִנגעלע
אַ גרויסער העלד צו װערן,
און קעמפֿן װי די העלדן דאַן
פֿון װײַט־װײַטן אַמאָל,
װאָס האָבן מוטיק דאַן באַפֿרײַט
דאָס גאַנצע פֿאָלק ישׂראל.

פּסח־טעג, יום־טוב־טעג,
יום־טוב פֿול מיט פֿרייד!
דו קומסט צו אונדז אַ ליכטיקער
מיט פֿרילינג זײַט בײַ זײַט.
דו װעקסט צו קאַמפֿן מוטיקע
פֿאַר רעכט צו לעבן פֿרײַ.
פּסח־טעג, פֿרילינג־טעג,
יום־טובֿים שענסטע צװײ!



# פסח און פרילינג

געגוג צו האָפן און צו טרוימען,
צו זוכן אין די ווייטע רוימען,
אין אַ מזלדיקער שעה
איז דער פרילינג
מיט אונדז דאָ.
אויסגעטרוימט, און אויסגעחלומט,
מיט אַ רוף פאַר פריד און שלום,
מיטן פרילינג ביי דער זייט
קומט אַ יום־טוב אָן פון ווייט.

שטייען פענצטער ברייט־צעפּראַלטע,
גרייטע, פאַר דער זון צעשטראַלטע,
פאַר דעם וואונדערלעכן צווילינג,
דעם יום־טוב פסח
מיטן פרילינג,
און פול די טישן מיט מאכלים
פאַר די געסט
פון פריד
און שלום.

און דער דרויסן? אָ, דער דרויסן,
יובל'ט אין דעם
טאָג דעם גרויסן.
ס'גרינט און בליט דאָ יעדעס צווייגל,
עס בויען נעסטן זיך די פייגל,
זינגען אויס
דאָס ליד
פון פרידן!

אָט אַזוי אָ, אָט אַזוי,
קומט צו אונדז דאָס וואונדער־פּאָר,
אויסגעטרוימט, און אויסגעחלומט,
צוויי יום־טובים, —
פרידן, שלום!
צי צוזאַמען, צי באַזונדער,
דאָס שענסטע פּאָר אויף דער ערד דער רונדער.
דער שענסטער, ליבסטער וואונדער־צווילינג,
דער יום־טוב פּסח
מיטן פרילינג.

1963

## לאָמיר יום־טובֿן צוזאַמען!

קומט צו אונדז היינט, פעלקער אַלע,
ווער נאָך פרייהייט בענקט
און פרידן,
לאָמיר יום־טובן צוזאַמען
דעם פרייהייטס יום־טוב
היינט ביי יידן!
אויסגעפוצט אין שענסטע קליידער
זעצט זיך היינט מיט אונדז צום סדר,
ביי צעצונדענע מנורות
זינגט מיט אונדז דאָס ליד פון פרייהייט,
דאָס שלום־ליד
פון דור, און דורות.

קומט צו אונדז היינט,
פעלקער אַלע,
וועמען ס'איז פרייהייט
ליב און טייער,
לאָמיר היינט מיט טענער נייע
אַלע העלדן היינט דערמאָנען!
אַלע העלדן און מאַרטירער,
די פון היינט,
און די פון נעכטן,
לאָמיר פרייד מיט פיין און טרויער,
אין איין פרייהייט־ליד
פאַרפלעכטן!

קומט צו אונדז היינט,
פעלקער אַלע,
מיט לשונות פרעמדע, פאַרשידן,
לאָמיר יום־טובן צוזאַמען
דעם פרייהייט יום־טוב
היינט ביי ייִדן!
ביי יום־טובדיק געדעקטע טישן
מיט רויטן וויין,
און מיט מאכלים,
זינגט מיט אונדז דאָס ליד פון פרייהייט,
זינגט מיט אונדז
דאָס ליד פון שלום!

1961

## צוויי נייע שטערנדלעך

הערט, קינדער, אוים אַ מעשהלע,
וואָס כ׳וועל אייך איצט דערציילן.
אַ מעשהלע פון לענדער צוויי,
וואָס ציען זיך אויף מיילן.
און יעדעס פון די לענדער צוויי
האָט אַלע זיבן חנ׳ען,
זיי וועלן אונדז מיט שטערנדלעך
די פאָן אַצינד באַשיינען.

דאָס ערשטע איז אַ וואונדערלאַנד,
דאָס לאַנד פון עסקימאָסן.
אַלץ אַרום איז ווייסער שניי,
ווי מיט ווייסער מילך באַגאָסן.
און הינט געשפּאַנט אין שליטעלעך
דאָרט איבער שניי זיך טראָגן,
איבער באַרג, און איבער טאָל,
ווי פערד געשפּאַנט אין וואָגן.

דאָס צווייטע, אויך אַ צויבערלאַנד,
איז מיט העלער זון באַגאָסן!
און ווייט איז עס פון ווייסן שניי
און ווייט פון עסקימאָסן.
עס בליען דאָרט די בוימעלעך
אויף אַלע שטעגן, וועגן,
און ס׳קושט זיך דאָרט די העלע זון
מיטן זומערדיקן רעגן.

דאָ ענדיקט זיך דאָס מעשהלע
פון די שטערנדלעך די נייע,
די שטערן פון די לענדער צוויי —
אַלאַסקאַ און האַוואַאי.
די וואונדערלעכע לענדער צוויי
מיט אַלע זיבן חנ'ען,
וואָס וועלן אונדז די פאָן אַצינד
באַצירן און באַשיינען.

1959

## דאָס שיינע צווילינגל

קוקוריקו, קוקורייי!
הינדעלעך, הענדעלעך, היי!
ס'האָט מיין שיין הינדעלע
היינט אויסגעפּיקט אַן איי.

אויסגעפּיקט אַ צווילינגל,
שיינע הינדלעך צוויי.
זעט, הינדעלעך און הענדעלעך,
צוויי ווייסינקע ווי שניי.

לויפן הינדעלעך, הענדעלעך,
באַקוקן ס'שיינע פּאָר.
ווי טראָפּנס וואַסער זיינען זיי,
ענלעך אויף אַ האָר!

די זעלבע קליינע שנאָבעלעך,
די זעלבע געלע פיסעלעך,
און די זיסע קערענדלעך
זיי פּיקן שוין צוביסעלעך.

וואונדערט זיך אַ גענדזעלע,
גוגו, גוגו, גאַם!
גוידערט זיך דאָס הענדעלע,
רויטלט זיך זיין קאַם.

און דאָס שיינע צווילינגל
מיט דער מאַמע־הון,
זיצן זיך צופרידענע,
באַגילדטע פון דער זון.

שטאָלץ איז טאַטע־הענדעלע
מיט הינדעלעך די צוויי.
ליב איז אים זיין צווילינגל
די ווייסינקע, ווי שניי.

# דער ים

זאָג מיר, פֿישעלע, דו שיינע,
דו דאַרפֿסט דאָך, טייערע, דאָס וויסן,
וואוהין עס ציט דער ים זיך,
וואוהין די בלויע טייכן פֿליסן?

דו שווימסט אַרום אין ברייטע ימים,
דו שווימסט אין שיינע בלויע טייכן,
דערצייל מיר, פֿישעלע, די וואונדער,
ווי קאָן מען ים מיט טייך פֿאַרגלייכן?

פֿון ים די וואונדער, יינגל שיינער,
וועל איך איצט דיר דאָ דערציילן.
ווייט אַוועק עס ציט דער ים זיך,
מען קאָן ניט מעסטן אים אין מיילן.

ס'פֿאָרן שיפֿן איבער ימים,
כוואַליעס וואַרפֿן זיי און וויגן.
ס'איז יעדע שיף דער גרעסטער וואונדער,
וואָס קאָן אַ ים אַזאַ באַזיגן.

און אַ שיפֿעלע, אַ ווייסע,
מיט ווייסע זעגלען, ווייסן רודער,
זוכט אַ לאַנד דאָרט צו געפֿינען,
וואו אַלע מענטשן זיינען ברידער.

דאָרט אַהין, צום גרויסן וואונדער
ציען טייכעלעך און פֿליסן...
וואָס קאָן איך דיר נאָך דערציילן?
וואָס ווילסטו, יינגעלע, נאָך וויסן?

1957

# פייגעלע, איך וויל ביי דיר פרעגן



פייגעלע, קליין פייגעלע,
איך וויל ביי דיר פרעגן:
וואו שיצסטו זיך פון שטורעם־ווינט
און באַהאַלטסט דיך פאַרן רעגן?

ס'האָט היינט אַ האַרבסטיק ווינטעלע
דיין נעסטעלע צענומען.
וואו וועט זיין דיין שטיבעלע
ווען ס'וועט דער ווינטער קומען?

יינגעלע, שיין יינגעלע,
איך פלי אין ווייטע וועגן,
ווייט אַוועק פון ווינטעלע
עס שרעקט מיך ניט דער רעגן.

אין ווייטע לענדער טראָג איך זיך,
איבער ים און טייכן,
כ'וועל קעמפן מיטן שטורעם־ווינט
די לענדער צו דערגרייכן.

האָסט אַ טרוים, שיין יינגעלע,
און ווילסטו אים דערפילן,
מוזסטו האָבן העלדן־מוט
און אַ שטאַרקן ווילן!

כ'וועל בענקען נאָך דיר, יינגעלע,
אויף די ווייטע וועגן,
פליענדיק און קעמפנדיק
מיט שטורעם־ווינט און רעגן.

## פון וואַנען די הינדעלעך

ווייסע הינדעלע, מאַמעלע שיינע —
וואו האָסטו גענומען די הינדעלעך קליינע?
דו גייסט אַזאַ שטאָלצע, זיי לויפן דיר נאָך,
די קליינע הינדעלעך געוויקלט אין פוך.

אָט קום איך, מיידעלע, נאָר וואָס פון שייער,
לאַנג דאָרט געזעסן, אויף ווייסינקע אייער.
מיט ליבשאַפט געזעסן, צום האַרצן געדריקט,
אין די אייעלעך האָבן זיך הינדעלעך געפיקט.

עס האָט זיך געעפנט אַן איי נאָך אַן איי,
די הינדעלעך זיינען אַרויס אויף דער פריי.
איצט ווייסטו שוין, מיידעלע, פון וואַנען מיר קומען,
און וואו איך האָב די הינדעלעך גענומען?

# מיר זינגען צוזאַמען

(צום ערשטן מאַי)

ווער זיינגען עס די טייבעלעך,
וואָס קומען ריי נאָך ריי,
אַהער צו אונדז מיט בריוועלעך
אין טאָג פון ערשטן מאַי?

פון ווייטע לענדער קומען זיי
מיט אַ פרידנס־גרוס אַהער!
שלום, פרידן, זאָגן זיי,
צוויי ווערטער נאָר, ניט מער!

אין אַלע, אַלע בריוועלעך,
צוויי ליבע ווערטער נאָר!
איז היינט דער גרוס דער ווייטער
דאָס שענסטע ליד אין כאָר!

זינגען מיר צוזאַמען היינט
דאָס פרידלעכע געזאַנג,
פרידן, שלום ווילן מיר.
איין וואונטש, און איין פאַרלאַנג.

מיר ווילן פעלדער אַקערן,
דעם ווייץ און קאָרן זייען,
און אין פרידן ווילן מיר
בויען, וועבן, נייען,
פון פעלדער גרינע, זוניקע,
דעם שניט דעם רייפן קלייבן,
מיט אַלע פעלקער ווילן מיר
אין חברשאַפט פאַרבלייבן!

שלום, שלום, פרידן,
צוויי ווערטער נאָר, ניט מער!
איין פאַרלאַנג ביי יעדן,
איין וואונטש און איין באַגער!

גריסן מיר אייך, טייבעלעך,
שיין־ווייסינקע ווי שניי,
מיטן פרידנס־גרוס דעם ווייטן
אין טאָג פון ערשטן מאַי.

1961



## אין אַ יום־טוב־טאָג

אין אַ יום־טוב־טאָג אַ ליכטיקן,
אַ זוניקן, אַ העלן,
זיצן קליינע ייִנגעלעך
אין די גאַסן, ביי די שוועלן,
מיט קעסטעלעך, מיט בערשטעלעך,
דאָרט זיצן זיי, און זיצן,
— גוטע מענטשן — בעטן זיי, —
גיט אונדז שיך צו פוצן!

אין אַ טאָג אַ ליכטיקן,
אין אַ יום־טוב־טאָג, אַ העלן,
דרייען זיך די יום־טובדיק
פאַרפוצטע קאַרוזעלן,
און ייִנגעלעך אויף פערדעלעך
רייטן אויף זיי, רייטן,
חלומען, זיי טראָגן זיך
אַוועק אין ווייטע ווייטן!

אין אַ יום־טוב־טאָג אַ ליכטיקן,
הויך פלאַטערן די פאָנען,
אַרויף צום הימל טראָגן זיך
פול־קאָלירקע באַלונען.
בלויע, געלע, רויטינקע
און ווייסינקע ווי שניי,
טראָגן זיך ווי טייבעלעך
די ייִנגעלעך פאַרביי.

וואָס האָסטו זיך, קליין ייִנגעלע,
פֿאַרטראַכט אַזוי, פֿאַרטרוימט ?
אַ ניקל צו פֿאַרדינען איצט
האָסט, ייִנגל, שיִעור פֿאַרזאַמט !
ס'איז אין אַ טאָג אַ ליכטיקן
חלומות גוט צו שפּינען !
חלומען — דו יאָגסט זיך ווייט,
דאָס גליק וואו צו געפֿינען !

שוין קומען פֿרישע ווינטן אָן,
זיי פֿליִען אָן פֿון ווייטן,
אַן אָנזאָג, אַז פֿאַר אַלעמען
שוין קומען נייע צייטן.
עס וועלן מער ניט ייִנגעלעך
ביי פֿרעמדע שוועלן זיצן
און בעטן — מענטשן טייערע,
גיט אונדז שיך צו פּוצן !

1959

## שטערנדלעך

זיצט זיך אַ ייִנגעלע,
קוקט דורך דעם שויב,
פֿליט אָן פֿון ווייטן
אַ שניי־ווייסע טויב.

טייבעלע ווייסע,
ביסט, טייבל, אַ פּראַכט!
כ׳זע ברענען דאָרט ליכטלעך
אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט.

זוי פֿעלדער צעבליטע,
באַשאָטן מיט מאָן,
זיי ברענען אין הימל,
ווער צינדט זיי דאָרט אָן?

ייִנגעלע שיינער,
ביסט, ייִנגל, אַ פּראַכט!
דאָס זײַנען גאָר שטערן,
וואָס ברענען בײַנאַכט.

די שטערנדלעך זײַנען
דעם הימלס פֿאַרמעג,
זיי לײַכטן פֿון הימל
און ווײַזן דעם וועג.

מיט אָפענע פליגל,
און שנעלער פון ווינט,
צו שטערנדלעך קליינע
איצט פלי איך, מיין קינד.

איך נעם אַ פּאָר שטערן,
און פלי מיר אַוועק,
איז ערגעץ וואו פינצטער,
באַלייכט איך דעם וועג.



## אידיליע

אויף אַ יונג־צעגריינטן בוימעלע
איז אַ וועווריקל געזעסן,
אויסגעהונגערט, אויסגעדאַרט,
קוים אויף פרילינג זיך דערוואַרט,
האָט ער איינס איצט אין זינען:
וואו וועט ער זיין באַשערטע,
זיין טרוים אַצינד געפינען?

זיצט דאָס וועווריקל פאַרטראַכט,
פאַרטרוימט אַזוי,
פאַרקלערט.
פלוצלינג, צווישן גרעזעלעך,
האָט ער אַ שאָרך
דערהערט.

און באַלד האָט זיך אַ ווינטעלע
יונג־פרילינגדיק צעבלאָזן.
און אַ וועווריקל אַ קליינס
באַוויייזט זיך צווישן גראָזן.
צווישן גרינע גרעזעלעך
זיין טרוים האָט ער געפונען,
צוזאַמען איצט, צוזאַמען
אַ חלום אויסצושפינען.

באַלד יאָגן זיך צוויי וועוועריקלעך,
פלינק, ווי פייל פון בויגן;
פיר אויערלעך פאַרשפיצטע,
די עקלעך אויסגעבויגן.
צוויי קליינע פלינקע וועוועריקלעך,
און ענלעך, ווי אַ צווילינג.
פריידיק קלאַפּן הערצעלעך,
געבענטשט פון יונגן פרילינג.

# אין די געסעלעך פון שטאָט

געקומען איז די זון אַמאָל
צום זומער, אים דערמאָנען,
אַז ס׳זיינען קינדער קליינינקע
אין גרויסער שטאָט פאַראַנען.

און ס׳איז די שטאָט אָן גרעזעלעך,
אָן ביימער איז די גאַס,
זיינען קליינע קינדערלעך
דאָרט אומעטיק און בלאַס.

לאָמיר, זומער ליבינקער,
די קינדערלעך דערפרייען,
און גרעזעלעך און בוימעלעך
אין די געסעלעך פאַרזייען.

האָט די זון, די ליכטיקע,
מיטן זומער זיך פאַרנומען,
מיט גרעזעלעך און בוימעלעך
אין גאַסן אָרעמע געקומען.

און פאַרפלאַנצט אין געסעלעך
אַ גערטנדל, אַ טרוים!
בלעטער סאַמעט־גריטינקע
באַקליידן בוים נאָך בוים.

איצט טאַנצן קליינע קינדערלעך
אין גערטנדל אַרום,
אויף יעדן בלאַסן בעקעלע
איצט בליט אַ רויטע בלום.

בייגן זיך די פיסעלעך
און דרייען זיך אין ראָד,
אַרום צעגרינטע בוימעלעך
די קינדערלעך פון שטאָט.

1958



# פרידנס־פּאַנען

דו ווילסט, מיין קינד, כ'זאָל דיר דערקלערן
פון פרידנס־פּאָנען דעם באַדייט ?
און וואָס באַדייטן שלום־טויבן
מיט פרידנס־פּאָנען, זייט ביי זייט ?

פרידנס־פּאָנען, ייִנגל מיינער,
מיט שלום־טייבעלעך דערביי
מיינט, עס איז אַ יום־טוב, קינד מיינס,
דער יום־טוב פונעם ערשטן מאַי !

פיל שענער בליען היינט די ביימער,
עס שיינט אויך העלער היינט די זון,
ווען ס'פליען ווייסע שלום־טויבן
און ס'פלאַטערט הויך די פרידנס־פּאָן.

האָט ווער ניט־איז דעם מוט פאַרלוירן,
געפינט ער מוט אין זיך אויפסניי.
פאַר אים גייט אויף אַ נייער גלויבן
אין דעם שענסטן טאָג פון מאַי.

איצטער ווייסטו, ייִנגל מיינער,
פון פרידנס־פּאָנען דעם באַדייט.
לאָמיר אויך זיי גיין אַנטקעגן
און באַגריסן זיי מיט פרייד.

פלאַטערט, פלאַטערט, פרידנס־פּאָנען,
מיט שלום־טייבעלעך אין ריי,
אין אַ שיינער וועלט פון פרידן
לעבן זאָל דער ערשטער מאַי !

1957

## ווילסטו מיר פאַרטרויען?

זאָג מיר, שוועלבל טייערע,
ווילסטו, ליבע, מיר פאַרטרויען,
מיט וואָס דו וועסט דיר, שוועלבעלע,
דיין נעסטעלע איצט בויען?

ניט דו האָסט אַ דעכעלע,
קיין האַמערל, קיין זעג;
מיט וואָס בויסטו דיין נעסטעלע
פאַר די זומערדיקע טעג?

באַלד וועל איך דיר, קליין מיידעלע,
מיין גרויסן סוד דערקלערן:
מיין נעסט האָט ס׳שענסטע דעכעלע —
דעם הימל מיט די שטערן.

אַ פּאָר בלעטעלעך, אַ צווייגעלע,
און ליבשאַפט — אָן אַ שיעור!
מיט דעם בוי איך מיין נעסטעלע
פאַר מיינע שוואַלבן פיר.

און וויגן וועט מיין נעסטעלע
דאָ אַהין, און דאָ אַהער.
אַ ווינטעלע אַ שטיפערל,
וואָס דאַרפן מיר דען מער?

איצטער ווייסטו, מיידעלע,
איך האָב עס דיר פאַרטרויט,
ווי אַזוי אויף בוימעלעך
ווערן נעסטעלעך געבויט. 1957

## דאָס זומער־טעפּיכל

ווער איז דער גאַסט דער טייערער,
וואָס קומט פון ווייט אַצינד?
פאַר וועמען האָט דער זומער איצט
אַ טעפּיך אויסגעשפּינט?

דורך העלע טעג, און זומער־נעכט,
אַ טעפּיך אויסגעטרוימט.
מיט בלימעלעך קאָליריקע
דאָס טעפּיכל באַזוימט.

נאָך אַ שטאָך, און נאָך אַ שטאָך,
און ס'טעפּיכל איז גרייט.
מיט בלעטעלעך און גרעזעלעך
פון סאַמעט און פון זייד.

און ציען וועט זיך ס'טעפּיכל
אין זומערדיקן גלאַנץ.
עס וועלן אויף אים בלימעלעך
גיין אַ זומער־טאַנץ.

בלויע, געלע, ווייסינקע,
און רויטינקע ווי מאָן,
אויף גרינע סאַמעט־גרעזעלעך
באַגילדטע פון דער זון.

עס שלענגלט זיך דאָס טעפּיכל
און ציט זיך ווייט אַוועק.
עס האַלטן אָן די ליכטיקע,
די זומערדיקע טעג.

1958

## די פרייהייט־געטין

(צו 75־יאָריקן יובל פון דער „סטעטשיו אָוו ליבערטי”)

קינדער האָבן ליב צו פרעגן,
קינדער ווילן וויסן :
ווער שטייט עס דאָרט
אין מיט פון ים,
וואו שטראָמען בלויע פליסן ?
איז זי די קעניגין פון ים,
אַ העלדין פון אַ מעשה ?
די געטין מיטן לאָמפּ אין האַנט
פון מאַרבל־שטיינער ווייסע ?

ניט קיין קעניגין פון ים,
ניט קיין העלדין איז זי סתם,
אַ העלדין פון אַ מעשהלע
אַ וואונדערלעך־פאַרטראַכטע !
דער פרייהייטס־טרוים
פאַר יאָרן־לאַנג,
דאָס ליד פון פרייהייט
איר געזאַנג,
די האָפענונג, דער טרוים איז זי
פון פעלקער ערשט־דערוואַכטע.

און ווייט באַרימט,
און ווייט באַקאַנט,
דער שטאָלץ איז זי
פון אונדזער לאַנד !

1961

# דאָס פאָנען־ביכעלע

אַ ביכעלע מיט מעשהלעך
פון היינט און פון אַמאָל,
מיט פענדעלעך קאָליריקע
געבראַכט האָב איך פון שול.

מיש איך אויף אַ בלעטעלע,
עס פלאַטערט אויבנאָן,
מיט צוויי־און־פופציק שטערנדלעך
די רויט־ווייס־בלויע פאָן.

מיט סערפּ און האַמער אויסגעפוצט,
די פאָן איז פלאַמיק־רויט;
דער סימבאָל פון אַרבעטס־לאַנד,
וואָס אַקערט און וואָס בויט.

און צוזאַמען ביי איר זייט
פלאַטערט הויך די פאָן
פון אַ גרויס און מעכטיק פאָלק, —
דאָס לאַנד פון כאַן און סון.

אַ מגן־דוד און אַ פאָן
פון אַ ניי־געבוירן לאַנד,
כ'מיש בלעטעלע נאָך בלעטעלע
מיט פאָנען נאָכאַנאַנד.

מיט יעדער פאַן אַ מעשהלע,
ס'איז אַ ביכעלע — אַ פּראַכט!
ווער האָט עס אַזאַ ביכעלע
פאַר אונדז, קינדערלעך, פאַרטראַכט?

ווען איך וועל אַ גרויסער זיין,
ווייס איך וואָס כ'וועל טאָן.
כ'וועל אויסמאָלן אַ ביכעלע
מיט אַ ווייסער פאַן.

אַרויפשטעלן אַ קליין טייבעלע,
אַ ווייסינקע ווי שניי,
און אויסמאָלן אַ לאַנד אַזאַ,
וואו מענטשן לעבן פריי.

דערווייל בין איך אַ מיידעלע,
דאַרף איך גיין אין שול,
זיך לערנען מאָלן ביכעלעך
פאַר קינדערלעך אַמאָל.

1957



## די קליינע מאַלערין

כ׳האָב צוויי קליינע שפּילעכלעך,
כ׳ליב זיי אָן אַ שיעור.
וואָס זיינען די שפּילעכלעך ?
— אַ בליישטיפט מיט פּאַפּיר.

כ׳מאָל מיר אויס מיט בליישטיפט
שפּילצייג אַלערליי.
הייזעלעך און בערגעלעך
מאַך איך איינס און צוויי.

מאָל איך אויס אַ מייזעלע,
דאַכט זיך — ס׳איז צו גרויס,
רייב איך מיט מיין הענטעלע,
ווערט דאָס מייזל אויס.

מאַך איך מיר אַ ליאַלקעלע,
אַ ליאַלקעלע, אַ יינגעלע . . .
הייב איך אָן אַ רינגעלע —
אין מיטן רינג אַ צינגעלע.

כ׳מאָל מיר קליינע בלימעלעך
פון פאַרשידענעם קאָליר
מיט די שענסטע שפּילעכלעך —
אַ בליישטיפט און פּאַפּיר.

# זינגט איר ליד די נייע צייט

(צום ערשטן מאַי)

גוט יום־טוב דיר היינט,
שאַפער, בויער,
אַרבעטס־מענטש פון גאָרער וועלט.
אונטער הימלען קלאָרע, בלויע,
ליכטיק־פרילינגדיק צעהעלט,
הייבן מיר די פאָן פון שלום
מיט אַ ליד היינט
פריש און ניי.
לעבן זאָל דער יונגער פרילינג,
לעבן זאָל
דער ערשטער מאַי!

שלום־גרוסן, פריידנס־גרוסן,
קומען אָן
פון לענדער ווייט,
אויף לשונות, פרעמד, פאַרשידן,
זינגט איר ליד די נייע צייט!
שיקט ווער אונדז
אַ גרוס פון שלום,
שיקן מיר אַ גרוס צוריק,
און אַזוי־אָ בויט זיך, שפינט זיך,
בויט זיך אויס
אַ שלום־בריק!

איז היינט גוט יום־טוב
יעדן איינעם,
ווער עס שאַפט נאָר, ווער עס בויט.
היינט הייבן מיר
די פאָן די שטאָלצע
קעגן הונגער, קעגן נויט.
היינט הייבן מיר די שלום־פאָנען
מיט אַ ניגון
פריש און ניי,
פאַר אַ וועלט פון פרייד און שלום,
לעבן זאָל
דער ערשטער מאַי!

1962



## ווייסע טויבן

שטייט אַ ייִנגעלע פֿאַרטראַכט,
קוקט אַרויס פֿון פֿענצטער:
פֿליִען ווייסע טויבן צוויי —
זאָגן: ביסט דער שענסטער.

טויבן ווייסע, שיינע טויבן,
וואָס איז אייער נאָמען?
וואָס האָט אייך אַהער געבראַכט,
צו וואָס זייט איר געקומען?

מיר זיינען טויבן, ווייסע טויבן,
מיר האָבן אונדזער סימן.
אויב ווילסט וויסן ווי מען רופֿט אונדז —
שלום איז אונדזער נאָמען.

מיר טראָגן זיך אויף אַלע וועגן,
איבער וועלדער, איבער טייכן.
פֿאַר אַלע פֿעלקער, אויף גאָרער וועלט . . .
זיינען מיר דער שלום־צייכן.

1955

# ליכטעלעך

(צו דער געטאָ־פּייערונג)

זאָג מיר, מאַמע, זאָג מיר, ליבע,
פאַר וואָס דו צינדסט די ליכטלעך היינט ?
ס'איז דער דרויסן העל און ליכטיק,
און די זון אין הימל שיינט.

האָסט מיך, מאַמעניו, געלערנט,
אַז אין יום־טוב צינדט מען ליכט.
פאַר וואָס דען וויינסטו, מאַמע ליבע,
און פול מיט פּיין איז דיין געזיכט ?

יאָ, ס'איז היינט אַ יום־טוב, קינד מיינס,
אויסגעמישט מיט לייד און פּיין,
וואָס די ליכטעלעך באַדייטן
וועסטו, קינד, אַמאָל פאַרשטיין.

ווען מיר די ליכטלעך צינדן
און דערמאָנען יעדן העלד,
וואָס געפאַלן איז אין געטאָ
פאַר אַ ליכטיק־שיינער וועלט.

אויף יעדן ליכטעלע באַזונדער
פאַלן וועט אַ הייסע טרער,
מיט אַ שבועה, אַז מיר קעמפן,
ס'זאָל קיין געטאָ ניט זיין מער.

# אַ ווינטל ווײנט...

(צו דער געטאָ־פֿייערונג)

זײַ מיר מוחל, טײַער קינד,
וואָס כ'וועל דיך ניט פֿאַרוויגן
הײַנט מיט שײנע מעשהלעך
פֿון לעמעלעך און ציגן.
ערגעץ וואו אַ ווינטל ווײנט,
מאָנט פֿון אונדז, דערמאָנט,
אַז אַנדערש דאַרף מען זינגען הײַנט.

אײ־ליו, ליו־ליו, שלאָף, מײַן קינד,
וועם באַווײנט עס הײַנט דער ווינט?
ווײנט איצט ס'ווינטעלע, און ווײנט
דאָרט איבער בערגעלע צעגרינט,
באַווײנט דער מאַמעס אײנציק קינד,
לעבנס יונגע,
צאַרט און ליב.

און דאָס ווינטל ווײנט, און ווײנט,
דרינגט אַרײַן אין יעדער שטוב
און וואו עס איז פֿאַראַן אַ ייד,
צינדט ער הײַנט אַ ליכטל אָן,
און דעם געטאָ־העלד דערמאָנט,
וואָס געפֿאַלן איז אין קאַמף,
אין דער האַנט די פֿרײַהײט־פֿאָן!

וויין ניט, ייִנגעלע, ניט וויין!
געפֿאַלן איז דער געטאָ־העלד
עס זאָל קיין געטאָ מער ניט זיין!
פֿאַרגיב, פֿאַרגיב דיין מאַמען, קינד,
וואָס ניט פֿון ציגעלעך איך זינג.
ווי אַ קייטעלע אין רינג
צוזאַמען היינט מיט אַלעמען
דאָס שטאָלצע געטאָ־ליד איך זינג!
— — — — — — — — — — — —
היינט, אין טאָג פֿון אַלע טעג,
„זאָג ניט קיינמאָל,
אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"

1958

## אין ווינטער

אין פענצטער האָבן שנייעלעך
היינט אָנגעקלאַפּט ביינאַכט!
מיר האָבן אַ קאַלט פרעסטעלע
צו אייך מיט זיך געבראַכט.

זיינען מיר מיט פרעסטעלע
צו אייך צוגאַסט געקומען,
און פאַרפלאַנצט אויף שייבעלעך
אַ גערטנדל מיט בלומען.

מיר פליען, ווייסע שנייעלעך,
מיט פרעסטל זייט ביי זייט,
פאַרגליווערט ווערן וואַסערלעך
און געסעלעך פאַרשנייט.

האָבן מיר די ביימעלעך
שיין באַפּוצט אין ווייס,
און באַדעקט דאָס טייכעלע
מיט שנייעלעך און אייז.

אויך די קליינע הייזעלעך
האָבן מיר איינגעהילט אין קעלט,
און באַשאַפן איבער נאַכט
אַ ווייסע, צויבער־וועלט.

## אין אַ ווינטער־טאָג אַ קאַלטן

וואָס טוט אַ וועוועריקל אין וואַלד
אין אַ ווינטער־טאָג אַ קאַלטן?
ער שיילט און עסט די ניסעלעך
וואָס פאַרן ווינטער ר׳האָט באַהאַלטן,
און אויף אַ נאַקעט בוימעלע
חלומות זיסע שפּינט ער,
אַז ניסלעך, ניסלעך אָן אַ שיעור,
אין וויימן שניי געפינט ער.

און אַזוי אַ ווינטער־לאַנג
אָן דאגות, און אָן זאָרגן,
זיכער, אַז דער פרילינג קומט
אויב ניט היינט, איז מאָרגן.
אַזוי־אָ טרוימט דאָס וועוועריקל
אויפן בוימל דעם פאַרדאַרטן
און אויפן פרילינג, ליב און שיין,
געדולדיק טוט ער וואַרטן.

נאָר עס טרעפט, דאָס וועוועריקל,
באַזאָרגט איז עס, ווי קיינמאָל!
ווייל טרעפן קאָן, און טרעפן מוז,
און געטראָפן האָט ניט איינמאָל,
אַז ס׳קומט דער פרילינג ניט אין צייט,
ער טוט זיך וואו פאַרזאַמען.
צערונען אַלע האָפענונגען,
צערונען אַלע טרוימען.

זיצט דער וועווריק אויפֿן בוים
און פֿול איז ער מיט זאָרגן,
ווער וועט איצט, ביז פֿרילינג קומט,
אַ פּאָר ניסעלעך אים באָרגן?
זיפֿצט דער וועווריק, זיפֿצט דער בוים,
דער נאַקעטער, פֿאַרדאַרטער,
מיטן וועווריקל צוגלייך
אויפֿן פֿרילינג וואַרט ער.

1961

# דאָס קלוגע פרעסטעלע

געקומען איז אַ פרעסטעלע
אין מיט פון שטילער נאַכט,
באַזעצט זיך אויף די שייבעלעך
און אַ שפּילעכל פאַרטראַכט.

מאָלן וועט עס בוימעלעך
און בלימעלעך פון אייז,
פאַרפלאַנצן אויף די שייבעלעך
אַ גערטנדל אַ ווייס.

קלוג איז אונדזער פרעסטעלע,
אַ ווייסינקער אַזאַ.
זעצט עס זיך אויף שייבעלעך
ווען ס'איז שטיל און שאַ!

ווען אַלע קליינע קינדערלעך
שלאָפן שוין געשמאַק,
דאַן נעמט אַרויס דאָס פרעסטעלע
די שנייעלעך פון זאַק.

און מאָלט און מאָלט די בוימעלעך
און בלימעלעך געשווינד,
מיט אייז און ווייסע שנייעלעך
און ניט מיט פאַרב און טינט.

ווען וועלן דען די קינדערלעך
ערשט דערוויסן זיך דערפֿון ?
ווען ס'שיינט אַרויף אויף שייבעלעך
די ליכטיק־העלע זון.

דערזעען זיי אַ גערטנדל
אויף שייבעלעך, אַ פּראַכט !
וואָס ס'האָט דאָס קלוגע פֿרעסטעלע
פֿון שנייעלעך פֿאַרטראַכט.

1959

## גרייט־זשע, קינדערלעך, די שליטנס

וואו איז ער איצט דער גאַסט — דער טרוימער,
מיט אַ פּרעסטעלע אויף שויבן,
וואָס קומען פלעגט, ווען קינדער שלאָפן,
אין אַ שניי, אַ ווייסן, טיפן.
און וואונדער גרויסע, גרויסע וואונדער,
פלעגט דער וואונדער־גאַסט באַווייזן,
ביימער נאַקעטע באַקליידן,
אָן אַ נאָדל, שער און אייזן.

ערגעץ איבער ווייטע וועגן
מיט געקלאַנג פון זילבער־שליטן,
יאָגט, און יאָגט דער גאַסט דער טרוימער,
און וואו אַ בערגל, וואו אַ טייכל,
טוט ער מיט שנייעלעך באַשיטן.

גרייט־זשע, קינדערלעך, די גליטשערס,
און די שליטעלעך פאַרגרייט,
עס קומט צו אייך אַ גאַסט — אַ וואונדער,
מיט אַ קערבל פול מיט פרייד.
און האָסטו, יינגעלע, קיין שליטן,
שלאָג אַ קעסטעלע צונויף,
און לאָז זיך איבער פּוכקע שנייען,
באַרג אַראָפּ, און באַרג אַרויף.

מיט אַ שליטן, אָן אַ שליטן,
אַ שאָד אַ רגע צו פאַרשלאָפן,
ער קומט, ער קומט — דער גאַסט דער טרוימער,
מיט אַ פּרעסטעלע אויף שויבן,
און אַ ווייסן שניי אַ טיפן.

1963

# האַרבסט

עס איז דער זומער ערשט אַריבער,
שוין קומט אַ נייער גאַסט אַ ליבער,
אַ גאַסט אַ קינסטלער, און אַ טרוימער,
באַמאָלן וועט ער בלעטער,ביימער,
מיט די נייעסטע קאָלירן,
מיט גאָלד, און פּורפּור זיי באַצירן.

עס יאָגט אָן האַרבסט, ווי פּייל־און־בויגן,
מיט פאַרבן פונעם רעגנבויגן,
וואָס ער האָט צונויפגעקליבן
פון דער טיף פון ימים זיבן.
מיט די פאַרבן מאָלן וועט ער
אויף די צווייגעלעך די בלעטער.

מיט קאָלירן ליכטיק־העלע,
ברוינע, רויטינקע, און געלע,
מאָלט ער, מאָלט ער אין געאייל,
די בלעטעלעך דאָ אויף דערווייל.
ביז יעדעס בלעטעלע באַזונדער
איז אַ פּראַכט און איז אַ וואונדער!

עס מוז דער נייער גאַסט זיך איילן!
טעג און שעה'ן מוז ער ציילן!
ביז ער ציילט פון איינס ביז פיר
שוין קלאַפּט דער ווינטער אָן אין טיר,
שטעלט זיך נאָכן האַרבסט אין ריי
אין זיין שליטעלע פון שניי.

מאָלט ער, מאָלט ער אין געאייל,
ער ווייסט, עס איז נאָר אויף דערווייל!
ווער דאַרף דען טראַכטן וועגן ווינטער?
זאָלןביימער, רויט ווי צונטער,
נאָך זיין מיט אונדז אַ לאַנגע צייט!
ווייל צום ווינטער, צו דעם ווייסן,
ווייט איז נאָך, און ווייט!

1957

# דער האַרבסט אין סעפּטעמבער

שיין איז דער האַרבסט אינעם חודש סעפּטעמבער!
עס פינקלען די ביימער
מיט גאָלד, און מיט אַמבער,
מיט ברוינלעכע בלעטער, און רויטע ווי צונטער,
און שווער איז צו טראַכטן
פון פראָסטיקן ווינטער!

אַ זאָרגלאָזער יאָגט זיך דער וועווריק נאָך ניסלעך,
ער שיילט זיי, און עסט,
מיט די קליינינקע פיסלעך,
און הערט ניט ווי ס'ווינטעלע מורמלט, און וואָרנט,
שוין צייט פאַרן ווינטער
די ניסלעך צו שפּאָרן!

שוין האָבן די פויגלען פאַרלאָזן די נעסטן.
ווער וואַגט זיך מיטן האַרבסטיקן
ווינט צו פאַרמעסטן?
און ווי איז דעם פויגל אויף האַרבסטיקע וועגן
ווען ס'קומט אָן דער ווינט
מיט שטורעם און רעגן.

דאָס האַרבסטיקע ווינטל, אין אָנהייב אַ מילדער,
אַ טאָג נאָך אַ טאָג
ווערט ער בייזער און ווילדער,
די בלעטער מיט גאָלד און מיט פּורפּור באַמאָלן,
צעפּליקט ער, צעיאָגט
איבער בערג, איבער טאָלן.

שיין איז דער האַרבסט אינעם חודש סעפּטעמבער!
עס טונקען זיךביימער
אין גאָלד און אין אַמבער.
עס רוישן די בלעטער און ס'ווינטעלע וואָרנט,
שוין צייט פאַרן ווינטער
די ניסלעך צו שפּאָרן.

1959



# זאָל איך פרעגן ס׳טייבעלע?

כ׳בין אַ יינגעלע אַ קליינס,
זיך איך מיר און טראַכט:
ווער צינדט עס אָן די שטערנדלעך
און טוישט דעם טאָג אויף נאַכט?

זאָל איך פרעגן ס׳טייבעלע
זי זאָל עס מיר דערקלערן?
ווען זי פליט צום הימל הויך,
דערגרייכט זי זון און שטערן.

זי זעט ווער ס׳צינדט די שטערנדלעך
און זעט ווער ס׳לעשט זיי אויס;
ווער עס פאַרבט דעם הימל רויט
און שיקט די זון אַרויס.

וואָלט איך האָבן פליגעלעך,
דאַן גיב איך זיך אַ הויב,
און פלי מיר צו די שטרענדלעך
נאָך פלינקער ווי די טויב.

איך וואָלט דאַן פאַר אַלע יינגעלעך
געקאָנט דעם סוד דערקלערן,
פאַרוואָס עס שיינט די זון בייטאָג,
ווער ס׳צינדט ביינאַכט די שטערן.

האָב איך ניט קיין פליגעלעך,
זיך איך מיר און טראַכט:
מיר בלייבט צו פרעגן ס׳טייבעלע:
ווער האָט דאָס אַלץ פאַרטראַכט?

# האַרבסטיקע בוימעלעך

פון איבער באַרג און טאָל,
פון איבער ים און טייך,
קומט אַ גאַסט אַ נייער, דאָ,
אין גאָלד און פורפור רייך.
אַהער דאָ, צו די בוימעלעך,
יאָגט ער זיך אַצינד,
דער נייער גאַסט, דער האַרבסטיקער,
אויף די פליגל פונעם ווינט.

דער האַרבסט בין איך, דער גאָלדענער,
שרייט ער אוים פון ווייטן ;
דעם זומער שיינעם, ליכטיקן,
קום איך איצט פאַרבייטן !
די גרעזעלעך און בלימעלעך
וועל איך באַלד צעשטערן.
די בלעטעלעך פון בוימעלעך
מיטן בעזימל פאַרקערן !

העלפן וועט מיר ס׳ווינטעלע
די בלעטעלעך צעיאָגן,
איבער ים און טייכעלעך
וועט דאָס ווינטל זיי צעטראָגן.
וועט בלייבן וואו אַ בלעטעלע
וועט עס ס׳בעזימל פאַרקערן,
דאָס רעגנדל דאָס האַרבסטיקע
וועט באַוויינען עס מיט טרערן.

רוישן, רוישן בלעטעלעך,
זאָרגן זיך, און זאָרגן,
מיר פֿאַלן שוין פֿון צווייגעלעך,
וואָס גרייט פֿאַר אונדז דער מאָרגן?
זאָרגט ניט, ליבע בוימעלעך,
דער האַרבסט איז דאָך אַ גוטער!
זעט, מיט רענדלעך גאָלדענע,
מיט רייַנעם פּורפּור שיט ער.

הייַנט שטייען זיי, די בוימעלעך,
באַקליידט אין גאָלד און צונטער,
ביז קומען וועט דער נייער גאַסט,
דער אַלטער, שייַנער ווינטער.
אין שליטעלע דעם וויַיסינקן
שוין שטייט ער דאָרט אין ריי,
מיט קליידעלעך פֿאַר בוימעלעך
פֿון אייז־שטעקלעך און שניי.

1958

## לעבן זאָל דער ערשטער מאַי

קוקוריקו, הינער, הענער!
קרייעט האָן אויף הויכע טענער.
ס'איז היינט יום־טוב אויף דער וועלט,
צעבליט האָט זיך דער מאַי אין פעלד.

גענוג געשלאָפן און געדרימלט!
שוין אויפגעשיינט האָט זון אין הימל.
די וואָס שאַפן, די וואָס בויען,
שטעלט אייך אויס אין גלייכע רייען.

הינטל, פערדל, הינער, הענער,
נעמט צונויף די שלום־פענער.
שטעלט אייך אַלע אין דער ריי,
קומט, באַגריסט דעם ערשטן מאַי!

צעשאַלט האָט זיך דער קרייען־רוף,
טרייסלט דאַרף זיך אָפּ פון שלאָף.
אָט לויפן הענער שוין פון שייער,
פאַרלאָזן הינדעלעך די אייער.

ס'לויפט דער פערדל אין גאַלאָפּ,
וואַרפט דעם שפאַן פון זיך אַראָפּ.
אוים מיט מורא, אוים מיט שרעק!
לויפט אָן העזל, קורצער עק.

שטייען געגדזעלעך שוין דאָרט
יעדע איינע אויף איר אָרט,
און דאָס הינטל מיט דער קאַץ
שוין פאַרנומען זייער פּלאַץ.

ס'איז דער יום־טוב זייער גרויס!
ס'שפּאַנט דער רויטער האָן פאָרויס,
און אַ גרויסע שלום־פאָן
פאַרנעמט דעם ערשטן אויבנאָן.

מיט די פענער, טריט נאָך טריט
פליען טייבעלעך אין מיט,
מיט ווייסע טייבעלעך ווי שניי,
לאַנג לעבן זאָל דער ערשטער מאַי!

1955



## קלאַפּ, קלאַפּ, מיין האַמערל

קלאַפּ, קלאַפּ, מיין האַמערל,
קלאַפּ איינס, צוויי, דריי.
בוי מיר אויס אַ שיפעלע
מיט ווייסע זעגלען צוויי.

בוי מיר אויס אַ שטיבעלע,
מיט טשוועקעלעך אַ סך.
שטעל אַריין אַ פענצטערל,
און האַמער־צו אַ דאַך.

אין דעם קליינעם פענצטערל
שטעל אַריין אַ שויב.
מיט מיר אין שיינעם שיפעלע
וועט זיין אַ ווייסע טויב.

באַשיצן וועט אונדז ס׳שטיבעלע
פון שטורעם און פון קעלט.
מיט מיין ווייסן טייבעלע
איך שווים אין ווייטער וועלט.

אויפן שפּיץ פון שיפעלע
קלאַפּ־צו אַ ווייסע פאָן.
כ׳שיק־אַרויס מיין טייבעלע,
זי זאָגט : מיר קומען־אָן.

אָן מיין קליינעם שיפעלע,
און אָן מיין ווייסער פאָן,
אָן מיין ווייסן טייבעלע
דער שלום שטייט אין קאָן.

קלאַפּ, קלאַפּ, מיין האַמערל,
קלאַפּ איינס, צוויי, דריי.
שטאַרק זאָל זיין דאָס שיפעלע
מיט די ווייסע זעגלען צוויי.

# בלומען־טעפּעלעך אין פענצטער

בלומען־טעפּעלעך אין פענצטער,
מיט צאַרטע בלומען, ווייס און רויט.
ס'האָט די רויטע בלום איר שכנה,
דער ווייסער בלום, אַ סוד פאַרטרויט.

כ'הער אין דרויסן בליט דער פרילינג,
ס'שיינט שוין הויך די זון אין הימל,
וואַרעמט קערנדלעך און פלאַנצן,
וועקט די ביימער אויף פון דרימל.

פאַררוקט אין פענצטער דאָ אין ווינקל,
פון פוילער ערד האַלב־פאַרדאַרט;
ווען אין דרויסן שאַלט דער פרילינג,
האַלט מען אונדז אין טעפּ פאַרשפּאַרט.

פאַרלאָזט דאָס פענצטער, שוועסטער בלומען,
לאָמיר אַלע גיין אין רייען
דעם שיינעם פרילינג צו באַגריסן.
זאָל די זון מיט אונדז זיך פרייען.

האָבן בלימעלעך אין פענצטער
זיך אויף גרינעם פעלד פאַרקליבן,
בלויז די טעפּעלעך אין ווינקל
מיט דער פוילער ערד פאַרבליבן.

אויסגעזיעצט אין גלייכע רייען,
וואַקסן זיי איצט פריי אין פעלד,
פון די טעפּעלעך באַפרייטע
אין אַ גרינער, שיינער וועלט.

# יום־טוב פון פרילינג

(צום יום־טוב פסח)

וואָס האָט זיך די זון אַזוי הערלעך צעשיינט ?
דער יום־טוב פון פרילינג
קומט צו אונדז היינט !
אַ יום־טוב אַ ליבער און שיינער ביז גאָר,
אַ גאַסט אַ באַליבטער
יאָר נאָך יאָר.

דער יום־טוב איז פסח ! דער יום־טוב פון פרילינג !
זיי קומען צוזאַמען
ווי אַ ליכטיקער צווילינג.
זיינען זיי ביידע ליב אונדז און טייער, —
זיי ברענגען אונדז גלויבן
אין אַ וועלט אין אַ פרייער.

ביי טישן געדעקטע מיט גוטע מאכלים
שפינט אונדז דער יום־טוב
אַן אייביקן חלום.
אַ חלום פון גלייכהייט, פון שלום און גליק.
די העלדן דערמאָנט ער
פון דורות צוריק.

זיצן די קינדער און הערן אים, הערן,
און טרוימען אויך העלדן
גאָר גרויסע צו ווערן.
מיט קינדערשן פלייס, און פרייד אָן אַ שיעור,
פרעגט איינס פון די קינדער
די קשיות די פיר.

עס ציט זיך דער סדר ביז שפּעט אין דער נאַכט.
שוין זיצן די קינדערלעך
מידע, פאַרטראַכט.
ווען ס'לעצטע פון ליכטעלעך פינקלט אין וויין,
דרעמלען די קליינינקע
קינדערלעך איין.

עס שפּינט אויך אַ חלום דער פרילינג אין פעלד,
פאַר קערנדלעך שאַפט ער
אַ ליכטיקע וועלט.
בוימעלעך יונגע דערציילט ער אַ מעשה
פון שוואַלבן אין נעסטן
און טייבעלעך ווייסע.

דער יום־טוב פון פסח! דער יום־טוב פון פרילינג!
זיי קומען צוזאַמען
ווי אַ ליכטיקער צווילינג.
מיט מעשה'עס פון וואונדער, און שיינע ביז גאָר,
איז דער יום־טוב פון פרילינג
דער שענסטער פון יאָר.

1959

## פרילינג

ווער יאָגט דאָרט מיט אימפּעט
אויף ווייסינקן פערד?
דאָס טראָגט זיך דער פרילינג,
אַז ס׳ציטערט די ערד.

מיט פאַרבן די שענסטע,
וואָס וועלט נאָר פאַרמאָגט,
און פול מיט מתנות
אַ קערבל ער טראָגט.

קוים יאָגט זיך דאָס פערדל
דיביימער פאַרביי,
באַפרייט עס די צווייגן
פון אייז און פון שניי.

אַ שמיר מיט די פאַרבן
אַהער און אַהין,
שוין שטייען די ביימער
פאַרפּוצטע אין גרין.

און וואָס האָט דער פרילינג
אין קערבל געבראַכט?
שוועלבעלעך, טייבעלעך,
און הינדעלעך — אַ פּראַכט!

די שענסטע מתּנות
פּאַר קליין און פּאַר גרויס,
פון קערבעלע שיינעם
נעמט פרילינג אַרויס.

צוריק רייט דאָס פערדל
אויף גרינינקן וועג;
געלאָזט אונדז די זוניקע,
ליכטיקע טעג.

עס האָט אונדז דער פרילינג
פון ווינטער באַפרייט,
און אָנגעפילט הערצער
מיט ליבשאַפט און פרייד.



# זון און רעגן

ווער קאָן עס ניט די שכנים צוויי,
וואָס וואוינען דאָ ניט ווייט:
די העלע זון און רעגנדל,
אין הימל, זייט ביי זייט?
אַ ווינטער־לאַנג צעקריגטע דאָרט
ווען ס'פאַלט דער ווייסער שניי,
ווערן זיי ווען פרילינג קומט
די ליבסטע שכנים צוויי.

מיט איין באַגער ביי ביידן איצט
צו שפּייזן בלום און בוימער,
ווערן זון און רעגנדל
צוויי ליבע פרילינגס־טרוימער.
עס איז דער טרוים ביי ביידן איצט
איין האָפן און איין שטרעבן,
די גרעזעלעך און בלעטעלעך
וואָס שענער אויסצואוועבן.

פון העלער זון, דער ליכטיקער,
און טראָפּנדלעך פון רעגן,
צעבליען זיך די גרעזעלעך
אויף אַלע שטעגן, וועגן.
סאַמעט־גרינע בלעטעלעך
בליען אויף די בוימער,
און ס'באַווייזן וואונדער איצט
צוויי ליבע פרילינגס־טרוימער.

האַנט אין האַנט איצט גייען זיי
ווי נאָר עס קומט דער פרילינג.
די העלע זון, און רעגנדל,
דער שיינער טרוימער־צווילינג,
בשלום איצטער וואוינען זיי
אין הימל דאָ ניט ווייט:
די זון די העלע, ליכטיקע,
מיט רעגן זייט ביי זייט.

1958

## זומער־לעבן

זומער־לעבן, זומער־לעבן,
די שענסטע צייט פֿון אַלע צייטן.
מיט מתּנות, גאָר אַ וואונדער,
קומסטו אָן פֿון ווייטע ווייטן,
זיך מיט פֿרילינג צו פֿאַרמעסטן.
די מתּנות וואָס דו ברענגסט אונדז
ניט צו וועגן, ניט צו מעסטן.

מיט פֿרישן טוי, מיט זון און רעגן,
שפּאַנסטו איבער גרינע וועגן,
איבער גערטנער, איבער פֿעלדער,
עס בוקן זיך צו דיר די ביימער.
עס בוקט זיך, בייגט זיך פֿאַר דיר יעדער,
אַלע מאָנען, אַלע בעטן,
ס'זאָל די זון זיי קושן, גלעטן.

קושט די זון און גלעט די ביימער,
יעדעס בוימל גלעט באַזונדער,
און ס'געשעט דער גרויסער וואונדער:
עפּל ווערן רויטער, רונדער,
קאַרשן — זאַפֿטיקער און גרעסער,
פֿון דער זון און פֿונעם רעגן,
ווי געשניצטע מיט אַ מעסער.

זומער־לעבן, זומער־לעבן,
עס האָבן זיך זון און רעגן
מיט פרישן טוי די הענט געגעבן.
שפּאַנען זיי אַזוי צוזאַמען
איבער אַלע שטעגן, וועגן,
און צוזאַמען בויען, שאַפן,
אַ זוניק און אַ פריידיק לעבן.

1959

## סוף־זומער

וועד האָט עס היינט,
ווי איבער נאַכט,
אַ פֿאַרבנשפּיל
אַזאַ פֿאַרטראַכט,
מיט גאָלד און פּורפּור־רויט
אויף ביימער זיך צעשפּילט,
און אין שטילן אומעט
אַלץ אַרום
פֿאַרהילט?

איז פֿול מיט אומרו היינט
די מאַמע־שוואַלב.
פֿון בוים צו בוים זי פֿליט, און זעט,
מיט פֿאַרבן פּרעכטיקע
האָט דאָ־און־דאָרט
אַ בוימל זיך צעבליט.
שוין פֿאַלן בלעטער צו דער ערד;
ווער האָט עס אַזוי פֿרי
איר מוטערשאַפֿט צעשטערט?

דאָס האָט דער ווינט
דער האַרבסטיקער
דעם אָנזאָג היינט
געבראַכט.
זיי קומען־אָן די טעג,
די האַרבסטיק־אומעטיקע טעג,
זיי קומען אָן.

שוין בלאָם און בלאַסער
שיינט דורך וואָלקנס
היינט די זון.
אין זיין לעצטער פּראַכט
פּוצט זיך יעדער בוים
מיט פאַרבן פינקלדיקע צעשפּילט,
און ווי איבער נאַכט
אין שטילן אומעט
אַליך אַרום פאַרהילט.

# אַרום דער זון און שטערנדלעך

(לכבוד די מאַי־פייערונגען)

היינט האָט צו מיר אַ טייבעלע
אָנגעקלאַפּט אין שויב.
כ'האָב אַ מעשהלע, אַ וואונדערלעכס,
זאָגט צו מיר די טויב.
דורות לאַנגע פלי איך, פלי,
און שפּין, און שפּין אַ חלום,
צו ברענגען צו די פעלקער שוין
דעם לאַנג־געגאַרטן שלום.

אין בלויע הימלען טראָג איך זיך,
און קרייז אַרום דער ערד,
און וואו נאָר כ'קום, דאָרט הער איך, הער,
דעם קלינג פון שאַרפער שווערד.

נאָר היינט בין איך אַ טייבעלע
אַ יום־טובדיק דערפרייטע.
באַגעגנט האָב איך נאָך אַ טויב
דאָרט העט, אין הימלען ווייטע.

אַרום דער זון און שטערנדלעך
זי קרייזט אַ מיליאָן מאָל,
און ניט פון פלייש און בלוט איז זי, —
געמאַכט איז זי פון שטאָל.

מעג זי זיין דאָרט וואָס זי איז, —
פון שטאָל, אַטאָם, און אייזן,
אויב אַ שלום־טויב איז זי
און וואונדער וויל באַווייזן,
דאַן וועלן מיר צוזאַמען גיין
און שפּינען היינט דעם חלום,
און האַנט אין האַנט שוין ברענגען איצט
דעם לאַנג־געגאַרטן שלום.

1959



# זומער

פון דער ווייט, פון דער ווייט,
קומט אַ גאַסט צו רייטן, —
ס'קומט דער ליבער זומער אָן
דעם פרילינג צו פאַרבייטן.

ס'איז אַ גאַסט אַ טייערער,
לויפט מען אים אַנטקעגן:
זומער, זומער, ליבינקער,
גיב אונדז זון און רעגן!

זומער, זומער, טייערער,
גיב אונדז ווייץ און קאָרן!
באַפּוץ די יונגע בוימעלעך
מיט קאַרשן, עפּל, באַרן!

און דער גאַסט דער ליבינקער
לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן,
די יונגע גרינע גרעזעלעך
ער הערט ניט אויף צו גלעטן.

ער גלעט און קושט די בוימעלעך
יעדערן באַזונדער,
הערן קאַרשן, עפּעלעך,
רונדיקער און רונדער.

בליִען, וואַקסן בלימעלעך
רויטע, בלויע, ווייסע,
באַשפּריצט פון זומער־רעגנדל,
באַשטראַלט פון זון דער הייסער.

זשומען, זשומען בינעלעך
איבער צאַרטע בלומען.
אַלע, אַלע פרייען זיך,
וואָס זומער איז געקומען.

1956



# זומער־צייט

זומער־צייט, אָ, זומער־צייט,
שיינע ליבע וואונדער־צייט,
מיט גרעזעלעך און בוימעלעך,
מיט קערנדלעך אין פעלד.
נאָר פאַר קינדער אָרעמע
ביזסטו, ליבע זומער־צייט,
אַ פרעמדע וואונדער־וועלט.

אָ, איר קינדער טייערע,
פון טאַטע־מאַמעס אָרעמע,
עס איז פאַראַן אַ וואונדער־וועלט
אונטער הימל־בלוי:
מיט עפּעלעך אויף בוימעלעך,
מיט זאַנגען גאָלד, וואָס וויגן זיך,
געקושט פון זון און רעגן,
גענערט פון פרישן טוי.

דאָרט אויף צווייגן גרינינקע,
אויף ביימער, קיל און שאָטנדיק,
רייפן זיך איצט עפּעלעך
אַ שיינעם זומער־לאַנג.
רייפע זיסע עפּעלעך
איצט פאַלן שוין פון בוימעלעך, —
און צום טיש דערלאַנג.

זומער־צייט, אָ, זומער־צייט,
שיינע ליבע וואונדער־צייט,
מיט גרעזעלעך, מיט בוימעלעך,
און קערנדלעך אין פעלד.
פאַר קינדערלעך די שטאָטישע,
אין גאַסן קויטיק־שטויביקע,
ביזסטו, ליבע זומער־צייט,
אַ פרעמדע וואונדער־וועלט.

# אַ ייִנגעלע אַ טרוימער

פֿאַראַנען קליינע ייִנגעלעך
חלומער און טרוימער.
איינער וויל אַ גיבור זײַן
און אַ לייבן־צווימער.

וויל דאָס צווייטע ייִנגעלע
צוימען בייזע שלאַנגען,
און עס טרוימט דער דריטער גאָר
די שטערן צו דערלאַנגען.

קאָן איך אויך אַ ייִנגעלע,
אַ ייִנגעלע, אַ טרוימער,
טרוימט ער גאָר פֿון פֿייגעלעך
און נעסטעלעך אויף ביימער.

וואָלט ער האָבן פֿליגעלעך,
הויך וואָלט ער פֿאַרפֿלויגן
צום הימל, צו די שטערנדלעך,
ווי אַ פֿייל־און־בויגן.

און צעצונדן וואָלט ער דאַן
די פֿינקלענדיקע שטערן,
עס זאָל אין אַלע ווינקעלעך
מיט איין מאָל ליכטיק ווערן.

אַזוי חלומט אונדזער ייִנגעלע
פֿון פֿייגעלעך אויף ביימער,
אונדזער ליכטיק ייִנגעלע,
אַ ייִנגעלע, אַ טרוימער.

1957

# אַ מתנה, אַ וואונדער!

(צום נייעם יאָר)

פאַר ווענען איצט שטייען די טישן געגרייטע
מיט שוימיקן וויין
און מיט בלומען?
ווער איז דער גאַסט, דער שיינער, דער ליבער,
דער גאַסט,
וואָס דאַרף צו אונדז קומען?

ערגעץ־וואו ווייט, אויף שניי־ווייסע וועגן,
דעם יאָר דאָרט דעם אַלטן
איצט קומט ער אַנטקעגן,
און ברענגט אַ מתנה פאַר יעדן באַזונדער,
אַ מתנה פאַר ניי־יאָר —
אַ וואונדער!

אַ מתנה פאַר ניי־יאָר! אַן אָנזאָג פאַר שלום!
ביי פעלקער ביי אַלע
אַ טרוים איז, אַ חלום!
ביי טירן און טויער, ביי אָפענע שטובן,
גריסט מען דעם גאַסט איצט
דעם ליבן.

גרוים איז די פרייד, פול איז דער בעכער,
הייבט מען אים העכער —
און העכער, און העכער!
לחיים, לחיים!
פאַר אַ יאָר אַ נייעם
פון שאַפן, און בויען,
פון פעלקער פון אַלע אַ בונד איצט צו שמידן,
לחיים —
פאַר אַ לעבן אין פרידן!

1960



# MAY DAY

Yiddish by ADELE FRIEDMAN

Translated by J. Lazare

See those white doves in the blue,
Flying in uniform array;
They come to greet us, me and you
On this sunny First of May.

They come from places far and near
With tidings of Peace and love;
Tolerance and Peace is what they bear—
Just two blessed words, no more!

All their cooing messages
But those loving words contain;
From their far-flung passages
They bring a sweet refrain.

Today we sing this joyous tune,
This song of Peace and love—
Our wish is that it come real soon,
Like those sprigthly doves above.

We wish to plow our spreading fields—
Sow golden wheat and corn tall;
We want to see the rich soil yield
An abundant, happy life for all.

To live in peace and brotherhood
With peoples everywhere;
To share their lot, as humans should,
In joy, in want or care.

Peace!—Tolerance!—
Two blessed words, no more;
One wish, one desire—
The need today as never before!

דער װעװריק חלומט

# DER VEVRIK CHOLEMT

Tekst: Adele Freedman

Muzik: Mordecai Yardeini

*Allegretto*

mf

1.2.3.4.

Zitst a vev-rik oi-fn boim un shpint a vun-der-le-chn troim

cho-lemt fun a velt on zor-gn in a shti-ln vin-ter mor-gn.

zu-mer lang hot er di ni-se-lech di zi-se ni-se-lech ge-ge-son un

מוזיק: יוסף שראגין

אראנזשירט פון וו. הילע

ווערטער: אדעלע פרידמאן

# DER KARUSEL

Music: Joseph Schrogin
Arranged by W. Hille

gayly - but not too fast

Ka - ru - sel, du ka- ru - sel, s'loich- tn dai- ne far - bn hel; Gold un zil - ber bloi un vais, s'rai- tn ferd-lech in a kraiz.

1. Fo- rn ferd-lech rund a - rum, Kin- der kop-lech u - me- tum,
2. Ka- ru- sel, Du ka- - ru - sel, Kin- der frei-dig oi- gn hel;

# אינהאַלט:



## מענטש און שטאָט

## אונטער הימלען בלויע

(קינדער-לידער)

נאטן:

וולאדימיר הפץ

דאס פויערל כאן־סון

מרדכי ירדני

דער וועווריק חלומט

יוסף שראגין

די קארוזעל

ספאנסערס

# ספּאָנסערס

בראַן יעטע
מרים באַמעל
באַרענשטיין סעם
בוירג אַרן און העלען
גאָדהיים מאַקס און גאָזועלאַ
גאָלדבערג אייב און פּאַלין
גאַרפין משה און שוירלי
גאַרדין סערע
גאַרפיעלד נ. א.
גאָלדווירט בעלאַ
גליקסמאַן האַרי און שוירלי
דאַראַשקין יעקב
דזשענקינס מ.
דעניעלס הענאַך און עמאַ
האַרוויטץ סעם און לילי
האַך רובין
וואַרטאַפּסקי אסתר
ווייסבערג ניסן און ענאַ
וועלער בערל
זאַליץ יעקב און ענאַ
זאַליץ מיכל און רייזל
זילבערצווייג זלמן
נידל שרה
נעלסאַן לאה
סיוואַטש יאַש
סילווער היימאַן און מרים
סיגעל בערנאַרד און בוירטע
סטרים רוט-גראַס
סקולניק אברהם און שרה
סטיין אייב און סאַניע
סליפּצין א.
עסטערסאַן עטל
פּידאַ העלען
פריידמאַן איזיידאָר
פראַנזבלאַ ס.
קאַרעל פּאָול און עני
קאַפּלאַן רחל
קאהר לואיס
ליפּצין סעם און אַנאַבעל
טשערנאַווער יוסף און בעלאַ
שוירמאַן האַרי
שעפּער פּינקוס און לאה
ראַטענבערג לואי און איוואַ